# פֿון ווילנער געטאָ

## געשטאַלטן און בילדער





געשריבן אין שווערע צייטן פון חייקל לונסקי

# פון ווילנער געטא.

## געשטאלטן און בילדער

געשריבן אין שווערע צייטן

פון חייקל לונסקי.



פאַרלאַג פון דעם פאַראיין פון ד״ יידישע ליטעראַטן און זשורנאַליסטן אין ווילנע

תר״פ — ווילנע — 1920.

# תוכן הענינים.



דרוקעריי ב. ציונסאָן און קאָמפּ., טראָקער גאַס, 13.

# הקדמה.



ווען ס'האָט זיך געמאַכט צו זיין אויפן ווילנער שולהויף, דער האָט זיכער געפילט, אַז פאַר אים איז דאָ עפּעס אַ פאַרזיכדיק, גאָר אַן אייגנאַרטיק ווינקעלע פון יידישן לעבן; דאָס איז דער „שיר השירים" פון יידישן גלות, דער „געטא פון אַלע געטאָס", אַ לעבעדיק שטיקל מיטלעלטער, וואָס איז פאַרבליבן, גאַנץ און ניט־באַרירט, אין מיטן פון 20־טן יאָרהונדערט, אַזאַ געטאָ פאַרמאָגט—דוכט זיך ניט, כמעט קיין שום יידישע שטאָט ביי היינטיקן טאָג. די אָנצאָליקע קלויזן, וואָס זיינען אָנגעשיכט איינע אויף דער אַנדערער, ווי זיי וואָלטן אויסגעוואַקסן געאָלאָגיש אָרגאַניש; די אָרימעלייט, וואָס אין זייער אויסשטרעקן די האַנט איז דאָ אַ געוויסע גאווה—איר פילט, אַז זיי זייבען פאָרט די קינדער פון שולהויף; און די יידענעס, וואָס פאַרקויפן באַבקעלעך,—אין אַלעמען פילט איר אַ געוויסן „סטיל", אַ געוויסן שטייגער, אַ געוויסע אימפּאָזאַנטקייט, ווייל זיי אַטעמען אויף אייך מיטן גרויען הויך פון אייביקייט. די יידענעס, די לאַטעס פון די אָרימעלייט, וואָס זיינען ניט ווייניקער „סטיליש" ווי די באַרימטע בעטלערס פון טאָלעדער דאם, וואָס די שפּאַנישע דיכטער האָבן באַזונגען; איר פילט, אַז אַזוי האָבן אויסגעזעען די אָרימעלייט אויך מיט 300 יאָר צוריק, ווען אויף גלעזער־גאַס האָבן זיך ביינאַכט נאָך געשלאָסן די טויערן פון געטאָ.

און מיט דער אייגענער אייביקייט אָטעמען אויף אייך די מויערן, און אפילו, דוכט זיך, די וואַרימע, פריש־צאַפּלדיקע „באָבעס" וואָס מע רופט זיי אויס מיט אַזאַ אָנגעווייטאָגטער שטים...

יעדערער פילט אָט דעם אייגנאַרטיקן ווערט פון שולהויף, אָבער קיינער האָט עס נאָך ניט געפּרובט איבערגעבן אין וואָרט. אין דער מאַלעריי האָבן מיר געהאַט אַזאַ פּרוב: דער קינסטלער ב. צוקערמאַן האָט אונז געגעבן אַ ריי בילדער פון שולהויף און די יידישע גאַסן אַרום. אָבער אמת געראָטן, כמעט גלענצנד, איז ביי אים נאָר דער דורכהויף, די אַלטע, אָפּגעקאָלופּעטע אַרקע מיט די גרינע צווייגעלעך האָט ביי אים גלייכצייטיק אַ צאַרטקייט און אַ גרויסע

קרעפטיקייט. דאָס בילד איז אויסגעוואַקסן צו אַ גאַנצן סימבאָל פון גלות. דער „שולהויף“ זיינער איז אמת שיין, אָבער ס׳איז ניט דער שולהויף. ער איז ביי אים צו זוניק, צו דרומדיק און פאַרבנשפריצנדיק. נאָך ווייניקער כאַראַקטעריס־טיש זיינען די טיפּן, וואָס ער האָט געמאָלט.

אין דער ליטעראַטור האָבן מיר אָבער גאָר קיין פּרובן אַזעלכע ניט געהאַט. און דאָ ליגט פאַר אונז אַזאַ מין ערשטע שילדערונג פון דעם לעבן פון שולהויף און פון די יידישע גאַסן.

דאָס ביכל מאַכט אַן איינדרוק. די אַלע מעשיות וועגן „גלות־אָפּריכטערס“, „שקיעה־שרייבער“, „זאָגערקעס“, „פרומע וואַסערטרעגערס“, וואָס ענדיקן זיך אַזוי נוסחדיק: „דערנאָך איז געקומען די אַקופּאַציע, דער הונגער, ער (אָדער זי) האָט ניט אויסגעהאַלטן — און איז געשטאָרבן“ — האָבן אויך אין זיך דעם הויך פון דער גרייזגרויער אייביקייט, וואָס איז פאַרגליווערט אין שולהויף. אַז איר לייענט עס, לויפט אייך דורך אַ קאַלטער שוידער, גלייך ווי איר וואָלט זיך צוגערירט צו די פייכטע מויערן פון שולהויף, גלייך ווי פאַר אייערע אויגן וואָלט זיך דערצויגן, אומענדלעך, אַ שטומע קייט פון לוויות — מיטוּת אָן אַ שיעור... די מעשיות זיינען אָנגעשריבן אַזוי פשוט — פרימיטיוו, אַזוי ווייניק קינסטלעריש — געקינסטלט... זיי זיינען אָנגעשריבן מיט אַ ביסל אַ גרויזאַמער, אַ שטילער עפּישקייט. די פערזענלעכקייט פון מחבר האָט זיך איינגאַנצן פאַרבאַ־האַלטן, אָן אַ שום רעשטל — און די שפּראַך איז אויך אַזאַ אומפּערזענלעכע, גלייך ווי דאָס האָט דערציילט אונז דער שולהויף אַליין, די שטומע ווענט, די הונ־דערט־יאָריקע נשמה פון שולהויף און פון די נפשות, וואָס האָבן אין אים גע־לעבט... געלונגען איז דאָס דעם מחבר — ווי ס׳ווייזט אויס, אָן אַ שום באַזונדער מי, אָן אַ „איבערווינדונג“ פון דער אייגענער פּערזענלעכקייט. ער האָט זיך נישט געדאַרפט צוזאַמענגיסן מיטן שולהויף און זיינע העלדן: ער איז לכתחילה מיט אים געווען צוזאַמענגעגאָסן. דאָס איז ניט קיין ראָמאַנטיקער, קיין סטילי־זאַטאָר, וואָס טראָגט זיך איבער אין דער אַטמאָספערע פון די אַלטע דורות; דער מחבר האָט, ווייזט אויס, אַליין אַ נשמה פון אַ „צמח דוד“, פון די אַלטע מחברים פון פּנקסים און סליחות, און דעריבער קומט דאָס אַזוי אומבאַוואוסט־זיניק שטאַרק: דאָס איז דער כּוח פון די אַלע דורות, פון די אַלע נשמות, וואָס ריידן פון זיין מויל...

זיצט זיך אַ ייד אָפּ יאָרן אין דעם אַלטן „אוצר־ספרים“ אויפן שולהויף, און קוקט דורך די קליינע פענסטערלעך אויף דער יידישער גאַס, און זעט דאָרט מענטשן כּל־ערליי, וואָס דרייען זיך, און זעט זייערע ליידן און טויטן און זעט ווי מחנות קריגער גייען דורך דורך די גאַסן, און אַלץ וואָס ער זעט — פאַרצייכנט ער „sine ira et studio“, ווי אַ יידישער פּימען, אַ יידישער „לעטאָ־פּיסעץ“, פאַרצייכנט פּשוט, אָן חכמות — און פון די רשימות איז אַרויס דאָס ביכל, וואָס ליגט פאַר אונז. עס דוכט זיך, אַז דער אייביקער, דער אוראַלטער גייסט

פון שולהויף, דער גייסט, וואָס איז פאַרגליווערט שטום אין די אַלטע מויערן, וואָס קוקט אויף אונז פון די פאַרלאָשענע אויגן פון די אָרימעלייט, וואָס רייסט זיך אין די מאָנאָטאָנע קדישס און אין די אומעטיקע תפילות—האָט איצט, נאך לאַנגע דורות, געפונען זיין אויסלייזונג, זיין גאולה, אין וואָרט, אין פשוטן, פרימיטיוון וואָרט. און אויף צו ווייזן זיך האָט ער זיך ניט פאַרשטעלט עפּעס אין קיין הייגטמאָדישן מלבוש, אַ בליאַסקעדיקן און ניט גאָר קיין פאַסעדיקן, נאָר ער האָט זיך געוויזן פאַר אונז „בלי הסתר פנים", ווי ער שטייט און גייט, אין זיין גרויער נאַטירלעכקייט אין חייקל לונסקיס ווערק.

און דערין איז דער ווערט פון דעם ביכל, וואָס ליגט פאַר אונז.

ד"ר ה. ייבין.

---

# ווילנע אין יאָר תרע״ז.

יעדעס מלחמה־יאָר האָט זיך אויסגעצייכנט מיט זיינע גזרות און פורעניותן: דאָס יאָר תרע״ד—תרע״ה מיט מאָביליזאַציעס, גירושים, גראָבן „אָקאָפּעס; דאָס יאָר תרע״ו מיט די אָטשערעדן אויף קאַרטאָפל, גרויפּן, כלערלי קאַרטן און פּאַפּירלעך *), אויך מיט די הויזזוכונגען און רעקוויזיציעס פון האָב און גוטס, וואָס איז געבליבן בירושה און פאַרהייליקט פון זיידעס און עלטערזיידעס, ווי לייכטער, חנוכה־לאָמפּן וכדומה; דאָס יאָר תרע״ז מיט דעם הונגער און די מגפות איז געווען אָבער דאָס שרעקלעכסטע פון אַלע פיר מלחמה־יאָרן. אין יאָר תרע״ד האָבן זיך געהערט ווייגעשרייען און געוויינען אָן אַ שיעור און אָן אַן אויפהער, אין שטוב און אין גאַס, ביי יעדער מאָביליזאַציע און פּריזיוו, אַז מ׳האָט אַוועקגעריסן די טאַטעס פון די קליינע קינדערלעך און די קינדער פון עלטערן, איז געווען חורבונות; אָבער אין יאָר תרע״ז איז געווען נאָך שרעקלעכער: דאַן האָבן זיך שוין אפילו קיין געוויינען און געשרייען אויך ניט געהערט, עס איז שוין ניט געווען קיין כּוח. אומעטום האָט זיך נאָר געטראָגן אַ טיפער זיפצען.

אין דעם ערשטן יאָר פון דער מלחמה האָט מען נאָר פון די שלאַכט־פעלדער געהאַט גערוסן וועגן טויט, און דאָס האָט אָנגערירט נאָר איינציקע פאַמיליעס, די איבעריקע האָבן זיך געמאַכט גוטע געשעפטן און געשלאָפן גאַנץ רואיק. אָבער אין יאָר תרע״ז האָט שוין דאָס אומגליק אַרומגענומען אַלעמען, דער טויט האָט תמיד געשוועבט פאַר די אויגן, פון געראַנגל מיטן הונגער און מגפות זיינען מענטשן געפאַלן ווי פליגן, גאַנצע משפחות מיט אַמאָל, אַז ס׳זיינען געווען גאַנצע „אָטשערעדן״ ביי די „אַרונות״ און ס׳האָט ניט געקלעקט קיין „עגלות״, מ׳האָט געפירט די טויטע אויף איזוואָזטשיקעס, די אָרימע—גאָר אויף „קאַרעס״, עטלעכע צוזאַמען, איינזאַם, עלנט, אָן לוויות, און אויפן בית עולם צו דער קבורה—ווייטער „אָטשערעדן״ וועלכע האָבן זיך געצויגן וויפיל טעג.

דער מסחר איז געווען אָפּגעשטאָרבן, די גאַסן אומעטיק, פּוסט, און די לופט איז געווען אָנגעזאַפּט פול מיט שרעק און פחד, די יונגע און די מיטעלע מענטשן זיינען געלעגן באַהאַלטן אין די קעלערס און אויף די בוידימער

---

*) ברויטקאַרטן, בעקערקאַרטן, זופּקאַרטן, קאַרטאָפל־קאַרטן, צוקער־קאַרטן, קאָלדרע־שײַנען, מעש־קופּער־שײַנען, פּאָקן־שײַנען, אַנטלויזוננס־שײַנען, מעלדונג־שײַנען, דירה־שײַנען, קאָפּשטײַער־שײַנען א. אַז. וו.

חדשימווייז פאַר מורא פון דער כאַפּעריי אויף צוואַנג=אַרבעט. די כאַפּעריי איז געווען אויף אַלע גאַסן, אויך אין די הייזער און קלויזן איז געווען ניט זיכער, און די געכאַפּטע האָט מען אָנגעטאָן אין קליידער מיט געלע לאַטעס אויף די הויזן און אַרבל, און רויטע לאַטעס אויפן האַרצן מיט נומערן, און מ׳האָט זיי געפּייניקט נאָך ערגער ווי קנעכט, ווי פּאַנטשינע, דאָס זיינען שוין גאָר ניט געווען קיין מענטשן, נאָר נומערן; מ׳האָט זיי פאַרשלעפּט אין די פּוסטע פעלדער און אין די שוואַרצע וועלדער, געאַרבעט מיט זיי כל=עבודת=פּרך, אין הונגער און קעלט, אין שרעק און אַכזריות, זיי געשלאָגן מכות רצח, אַ סך זיינען געבליבן קאַליקעס מיט אָפּגעפּאָרענע הענט און פיס, אַ סך זיינען געבליבן מיט קראַנקע לונגען און פיל האָבן דאָרט געפונען זייער קבר פון הונגער און פּיין.

וואו מ׳איז געגאַנגען און געשטאַנען, האָט מען געזען שרעקלעכע בילדער, אַז ס׳איז פינסטער געוואָרן אין די אויגן. אין די קלויזן אויפן שולהויף איז געווען אימהדיק, פּוסט און ס׳האָט זיך תּמיד געהערט אַ כאָרכלעריי מיט די לעצטע כּוחות פון די גוססע אָרימעלייט, און דערביי זיינען געזעסן נאָך אַנדערע מיט געלע פּנימער און שטאַרע אויגן, וועלכע זיינען געווען אומעטיק שטום, ניט בעטנדיק קיין זאַך און וואַרטנדיק נאָר אויפן טויט. אויך האָט מען שוין געטראָפן פיינע בעלי=בתּים, וואָס דער הונגער און דער געוויין פון די קליינע קינדערלעך האָט זיי גענייט אַראָפּצוואַרפן די חרפּה און גיין בעטלען. אין די יידישע גאַסן ווידער האָט מען געזען, ווי גאַנצע געזינדלאַך, מחנות קליינע קינדערלעך, איינגעוויקלט אין שמאַטעס און טוליענדיק זיך איינע צו די אַנדערע, שרייען מיט וויינענדיקע שוואַכינקע קעלכעלעך—בייטנדיק זיך אין „אָטשערעד" „גיט אַ שטיקעלע ברויט, מיר ווילן עסן!" און די קעלכעלעך האָבן געשטאָכן ווי שפּיזן. אַנדערע האָבן קיין כּוח ניט געהאַט אפילו צו ריידן; זיי האָבן נאָר אויסגעצויגן די הענטעלעך; ביי די בעקער און קיכן האָבן זיך געצויגן לאַנגע „אָטשערעדן" פון פאַרחלשטע מענטשן, וואַרטנדיק גאַנצע שעהן אויף אַ טעלערל סם=המוותדיקע וויקע, וואָס האָט געמאַכט געל און געשוואָלן, אויף דעם פערטעלע פונט הייס ברויט, וואָס איז געווען אויסגעמישט מיט פּאַלאַווינעס, מיט חזירשע ניס, מיט שוואָמען, קרוטשקע וכדומה, אַז ס׳האָט געאיבלט אין מויל, געברענט אין האַרצן און געשטאָכן אין בויך. אַנטלויפנדיק ווייטער אין די ברייטע גאַסן, האָט גאָר געכאַפּט אַ גרויל, הערנדיק די מנוולדיקע געלעכטערלעך פון די אַלע גאַסיקע באַלקאָנען. דאָס בלוט האָט געקילט אין די אָדערן, זעענדיק, ווי אונזערע אַלע טראַדיציאָנעלע צניעותדיקע הייליקייטן ווערן פאַרשוועכט בראש גלי פון אונזערע טעכטער פאַר אַ שטיקעלע ברויט, פאַר אַ קעסטעלע מאַרמעלאַד; דאָס האַרץ איז אויך צעריסן געוואָרן אויף שטיקער, קוקנדיק אויף אונזערע עלטערע פרויען, ווי זיי שטייען ווי אבלים אום שבת, יום=טובדיק אָנגעטאָן לעבן זייערע קראָמען. נאָך ערגער איז געווען אין פּיש=מאַרק: דאָרטן האָבן שוין די ווייבער אויסגעטאָן די פּאַרוקעס מיט זייערע יום=

טובדיקע קליידער און פאַרשמוצט זיינען זיי געבעך געשטאַנען און געמסחורט, מיט אויגן פול מיט טרערן און הערצער כול מים בענקשאַפט נאָכן הייליקן שבת און יום=טוב.

דאָס יאָר תרע"ז האָט אויף זיך אויך געהאַט דעם אָנשיקעניש פון שטרענגע שטראָפן פאַר יעדער קלייניקייט; דעם קאָפּשטייער, וואָס מ'האָט געריסן פון לעבעדיקע און פון טויטע; מ'האָט אויסגעטאָן אָרימע און געזוכט אפילו אין די אונטערשטע זאַכן: דער געווערב=שטייער האָט אַפילו ניט דורכגעלאָזט די אַרימע ווייבער מיט די קאָשיקעס פון יידישע גאַס, וועלכע פלעגן נעבעך אָפּשטאַרבן מיט די גלידער דערזעענדיק דעם אָדון. די פּאָלערינע און פאַרבאַהאַלטן זיך ווי די מייז אין די לעכער, די אומגעלומפּערטע ווילדע געשרייען פון די אדונים פלעגט אָנוואַרפן אַ שרעק, אַ פחד אויף די אויסגעמוטשעטע. אפילו זייערע גוטע טאַטן, ווי די אומזיסטע בעדער, האָבן אויך מיט זייערע שטרענגקייטן און אַכזריותן, שלעפנדיק פון די בעטן אויך אין די פרעסט פאַרטאָג פלוצלונג אפילו שוואַכע און קינדער, ניט איינעם קראַנק געמאַכט פון שרעק און צוקילונג. נאָך ערגער איז געווען מיט די דעזינפעקציעס פון די הייזער. מ'פלעגט פלוצלונג פאַרטאָג אַוועקטרייבן אין טורמע אריין אַלטע און שוואַכע קינדער און פרויען, וואָס פלעגן זיך וואַלגערן דאָרט אין פיין וויפיל טעג, לאָזנדיק די געשעפטן מיט האָב און גוטס אויף הפקר און ניט איינער פון זיי איז דערפון געשטאָרבן.

אַלץ איז דאַן געלעגן אין זייערע הענט: דאָס ברויט, דאָס פלייש, די פיש, די מילך און פאַר דער שטאָט איז געווען צוגעוואָרפן ברעקלעך. אויף אַלץ האָט מען באַדאַרפט אַ שיין, אפילו אַריבערגיין וואוינען פון איין הויף אין דעם אַנדערן, און אַלץ האָט געקאָסט געלט און זיך געצויגן ימים ושנים. אָט די אַלע שטרענגקייטן און אכזריותן איז געפאַלן אויפן אָרימאַן. דער גביר האָט אָפטער געקראָגן אַן אויסוועג.

אין יאָר תרע"ז איז ווילנע פאַרן אָרימאַן געווען אַ טורמע. ער האָט מער ניט געמעגט גיין פון איין ברעג שטאָט ביז דעם אַנדערן. ווייטער איז געווען „געשפּערט" און שטום אָן שום האָפענונג. מ'האָט געמיינט, אַז דער הימל האָט זיך שוין אַראָפּגעלאָזן און מ'וועט שוין אַזוי בלייבן לעבעדיקערהייט באַגראָבן אין קבר...



# געשטאלטן

## דער ראש־ישיבה.

ער האָט געשטאַמט פון גרויס יחוס; זיין פאָטער איז געווען אַ גרויסער רב, אויך ער אַליין איז געווען אַ צייט רב און געדרוקט ספרים, אים האָט אָבער געצויגן ניט צו רבנות, ניט צו ספרים, נאָר צו לערנען מיט תלמידים. קיין קינדער האָט ער ניט געהאַט, איז זיין גאַנצער פאַרגעניגן געווען צו לערנען מיט קינדער; אויב ניט קיין גשמיותדיקע קינדער, איז לכל־הפחות רוחניותדיקע.

ער האָט געהאַט אַ גרויסן כוח אין זיך איינצופלאַנצן ביי די קינדער ליבע צו דער תורה, ביי אים פלעגן זיך ניט פוילן פערצניאָריקע קינדערלעך קומען פינף אַ זייגער פאַרטאָג לערנען, נאָר ער האָט זיינע קליינע תלמידימלעך, די „צאן־קד שים", ניט געוואָלט מאַטערן צו פיל, וואָרים ער האָט זיי האָלט געהאַט, ווי אייגענע קינדער.

אַז ס׳איז געקומען די מלחמה, האָט ער דערזעען ווי זיינע תלמידימלעך ווערן מאָגערער, בלאַסער פון טאָג צו טאָג, און אַנדערע נעבעך גייען אויס פון הונגער און שטאַרבן אַוועק; אויך אַ סך זיינען צעלאָפן זיך ראַטעווען פון הונגער־טויט. איז ער געבליבן גאָר אָן אַלעמען. האָט ער שוין ניט געקאָנט אַריבערטראָגן דעם צער, איז קראַנק געוואָרן און געשטאָרבן.

---

## דער שומר פון יידישקייט.

ער איז געווען אַ קליינינקער יידעלע מיט זייער לאַנגע פאותן, מיט אַ סאַמעטענעם היטעלע אין זייער אַ לאַנגער קאַפּאָטע. אויף אים פלעגט מען זאָגן, אַז ער איז דער גרעסטער למדן אין ווילנע.

אין דער יוגנט האָט ער געהאַלטן אַן אייזנקראָם אין אַ רוסישער שטאָט. דערנאָך איז ער איבערגעפאָרן קיין ווילנע. האָט זיך ווייטער די עקרת־הבית געפירט דעם געשעפט און ער איז זיך געזעסן אין גאונס קלויז, געדאַוונט מיט גרויס דבקות און געלערנט טאָג און נאַכט. אָבער דאָס איז נאָך ביי אים גע־ווען ניט אַלץ. דער עיקר עובדא זיינע איז געווען, אָפּהיטן די יידישקייט אין ירושלים דליטא. און די רעכטע יידישקייט איז ביי אים געווען נאָר גוטע

חדרים און שבת. דרום האָט ער געגרינדעט אַ „מזהירי שבת" און פלעגט תמיד שרייבן צעטעלעך אויפן שולהויף וועגן די קלאַסן, וואָס מ׳שמדט דאָרט אָפּ די קינדער, וועגן די חדרים, וואָס מ׳לערנט ניט גוט קיין יידישקייט, און בכלל וועגן פרומקייט. אַז ס׳איז געוואָרן די מלחמה, און מ׳האָט גוזר געווען האַלטן די קראָמען אָפן שבת, דערצו נאָך די פריצות פון די יידישע טעכטער, האָט ער דאָס אַלץ שוין ניט געקאָנט אַריבערטראָגן און איז קראַנק געוואָרן און געשטאָרבן.

---

## דער חזן פון ותיקין.

אַליין איז ער געווען אַ גרויסער נכבד, פון די ווילנער פיינע בעלי־בתים, אַ קרוב פון די ווילנער גרעסטע רבנים, אַ הויכער מיט אַ שיינער ווייסער באָרד, מיט אַ פּאָר קלוגע אויגן. ער האָט געהאַט אַ גרויסן זיידנגעשעפט, נאָר דעם געשעפט האָט געפירט זיין פרוי, און ער האָט געהאַט אַן אַנדער עסק — אָפּהיטן ותיקין. אָפּהיטן ותיקין, דערהויפּט זומערצייט, איז איינע פון די שווערסטע זאַכן. דרום האָט ער זיך טאַקע צו דעם איבערגעגעבן מיטן גאַנצן לעבן, פלעגט זיך אויסשלאָפן בייטאָג און גיין אין שול אויף אַ גאַנצע נאַכט, כדי אָפּצוהיטן ריכטיק דעם ותיקין.

און ניט געקוקט אויף דעם, וואָס ותיקין קומט פאַר אַזוי פרי, האָט ביי אים קיין מנין קיינמאָל ניט אויסגעפעלט: מ׳האָט נאָר איינמאָל געדאַרפט הערן זיין מתיקותדיקן דאַוונען, האָט מען שוין עטלעכע וואָכן נאָכאַנאַנד אינ־דערפרי ניט געקאָנט אַיינשלאָפן, עס האָט שוין אַהין געצויגן. זיין דאַוונען פלעגט אָפּקלינגען וואונדערלעך שיין פאַרטאָג, ווען אַלעס האָט נאָך געשלאָפן, דער סקאַרבאָווער ניגון פון זיין נעימותדיקן דאַוונען פלעגט זיך פונאַנדערגיסן מעלאַנכאָליש איבערן גאַנצן שולהויף, ער איז געווען געבענטשט מיט זייער אַ זיסער שטימע און דערצו נאָך זיין מתיקות מיט דעם השתפכות־הנפש, וואָס פלעגט צוגעבן זיין דאַוונען אַ באַזונדערן חן.

אויסער דעם ותיקין האָט ער געהאַט נאָך עובדות פון „הדור מצוות", ווי, למשל, די סוכה, די תפלין און דערהויפּט דעם אתרוג: דער אתרוג האָט געמוזט זיין ביי אים אַלע מאָל דער שענסטער אין שטאָט.

נאָר אַז ס׳איז אָנגעקומען די מלחמה, האָט מען שוין דעם ותיקין ניט געקאָנט אָפּהיטן, ווייל מ׳האָט ניט געטאָרט גיין אַזוי פרי אין גאַס, אויך קיין אתרוגים איז אין ווילנע גאָר ניט געווען, האָט ער געפילט, אַז דאָס לעבן איז אים געוואָרן פוסט, אים האָט זיך געדוכט, אַז ער איז אויף דער וועלט גאָר אַן איבעריקער און האָט זיך זייער שטאַרק מצער געווען, איז קראַנק געוואָרן און געשטאָרבן.

# דער רבי פון די פּועלים.

דער רבי איז געווען אַ הויכער, אַ גרייז־גרויער מיט אַ שיינעם פּאַטרי־אַרכאַלישן פּנים.

זומער אינדערפרי, פלעגט מען אים אָפט זעען אַרומשפּאַצירנדיק איבערן שול־הויף אין אַ שלאָפראָק און פּאַנטאָפל, און אויפן שפּיץ קאָפּ אַ יאַרמלקע, אַז עס פלעגט אַרויסשיינען אינגאַנצן זיין גרויסער גלאַנציקער שטערן.

אין דער יוגנט איז ער געווען אַ קורצע צייט אַ תּלמיד פון גרויסן צדיק ר׳ ישראל סאַלאַנטער, פון וועמען ער האָט איבערגענומען דעם געדאַנק צו גרינדן „חברות פועלים" און זיך איבערגעגעבן צו דעם מיטן גאַנצן לעבן. גע־גרינדעט האָט ער זיינע חברות אין וויפיל שטעט, נאָר די הויפּטקוואַרטיר זיינע איז געווען אין ווילנע.

דאָ האָט ער זיך פריער אַרומגעוואַלגערט מיט זיינע תּלמידים, די פּועלים, פון איין דירה אין דער אַנדערער, ביז וואַנען זיי איז געלונגען אויסצובויען אַן אייגענעם בנין פון דריי גאָרן, איינעם פאַרן בית־מדרש, דעם צווייטן פאַר אַ שול צום לערנען, און דעם דריטן—אַ וואוינונג פאַרן רבי.

דער רבי האָט געהאַט אין זיך אַ מאָדנעם כּוח צוצוציען זיינע בעלי־מלאכות. פאַרהאָרעוועטע פלעגן זיי קומען אַלע אָוונט הערן זיין „חיי אדם", וואָס ער פלעגט עס זאָגן מיט אַ זעלטן שיינעם ניגון, און מיט אַזויפיל התלהבות, אַז עס האָט געצויגן ווי אַ מאַגנעט.

זייער שיין איז געווען אַמאָל, גאָר אַמאָל, ווינטער פאַרטאָג, ווען מיט אַמאָל האָבן אַלע דריי עטאַזש פאַרלויכטן דעם שול־הויף, און אַלע ווײלע פלעגט זיך דערהערן איבערגעריסענע געשמאַקע טענער פון די תּלמידים, וועלכע האָבן איבערגעחזרט דעם „חיי אדם" תּיכּף נאָכן רבינס זאָגן מיט גרויס חשק.

אַזוי האָט זיך דער אַלטיטשקער געלעבט און געהאַט נחת פון זיינע תּלמידים, וועלכע זיינען פון „עמי־הארצים" געוואָרן לומדים אין „חיי אדם", אין אַ פּרק משניות און אפילו אין אַ בלאַט גמרא.

אַז ס׳איז אָנגעקומען די אָקופּאַציע, און זיינע תּלמידים זיינען געוואָרן וואָס פון טאָג ווינציקער און ווינציקער, ווער אויף מלחמה, ווער אויף צוואַנג־אַרבעט און ווער גאָר אויף יענער וועלט פון הונגער און נויט,—

האָט עס דער אַלטיטשקער רבי ניט אַריבערגעטראָגן און געשטאָרבן.

# די דריי וואַסערטרעגער.

אַמאָל זיינען אין ווילנע געווען אַ פולע וואַסערטרעגער, מיט אַן אייגע=נעם בית=מדרש. אַ לענגערע צייט שוין, אַז אין זייער בית=מדרש דאַווענען גאָר ברויטבעקער, און פון זייער בראַנזשע האָבן זיך שוין מער ניט געזעען ווי די דריי; זיי זיינען שוין דאָס געווען די לעצטע. אַלע האָבן זיי זיך געפונען אויף יידישער גאַס.

איינער פון זיי איז געווען מיט אַן איידעלן חשובן פנים, ניט קיין הויכער און צוגעהונקען אויף אַ פוס.

ער איז געגאַנגען שטענדיק, סיי זומער סיי ווינטער, אין אַ לאַנגן בגד, פאַרגאַרטלט אין העלפט, און ביידע בוזימער זיינען געווען פאַרפּאַקט הויך, פול מיט ספרים.

דער וואַסערטרעגער האָט געהאַט אַ מאָדנעם חשק צו קויפן ספרים, אָפט האָט מען אים געטראָפן ביי די קאָשיקעס פון די מוכרי=ספרים אויפן שול=הויף קויפנדיק ספרים.

אָבער נאָך אַ גרעסערן חשק האָט ער געהאַט צו לערנען די ספרים.

ניט איינמאָל האָט מען געקענט זען, ווי שטייענדיק אין „אָטשערעד" ביים ל ע ו ו ק ע, וואַרטנדיק אויף די וואַסער, פלעגט ער זיך שטילערהייט אַרויסשלעפן אַ ספרל פון בוזים און אַריינקוקן אין אים.

זאָגן האָט מען אויף אים געזאָגט, אַז ער איז גאָר אַ מקובל.

אַ גאַנצן טאָג פלעגט מען אים טרעפן אַרומשלעפנדיק זיך אין אַלע גאַסן אונטערהינקענדיק מיט די גרויסע עמער וואַסער, פולע ווי אַן אויג, און אינ=דערפרי און ביינאַכט איז ער געווען פול אין פאַרשיידענע חברות פון לערנען אַ בלאַט גמרא, משניות, חיי אדם און מעמדות.

דער וואַסערטרעגער האָט אויך געהאַט אַ חוק צו מעשרן זיין פאַרדינסט און בסתר צעטיילן אָדער לייען גמילות=חסדים געפאַלענע בעלי=בתים.

אַזוי האָט זיך דער וואַסערטרעגער אָפּגעלעבט ביז דער מלחמה.

אַז ס'איז אָנגעקומען די מלחמה, דערנאָך די דייטשע אָקופּאַציע, און די בעלי=בתים זיינען אַליין געוואָרן וואַסערטרעגער, האָט ער נעבעך פון נויט אָנגעהויבן בעטן נדבות. אינגיכן איז ער פון זינען אַראָפּ.

די דייטשן, פיינט האָבנדיק איבעריקע מיילער, האָבן אים אויך וואו עס איז פאַרשיקט און פטור געוואָרן...

---

דער צווייטער וואַסערטרעגער איז געווען אַ משונהדיקער, אַ הויכער מיט אַ פּאָר לאַנגע פיס, וועלכע ער פלעגט אַ ביסל אונטערשלעפן צוליב ראַמאַטעס=קראַנקהייט.

דער וואַסערטרעגער פלעגט אין זיין לוידיקער צייט אויך וואַשן פּאָדלאָ־געס. וואַשנדיק האָט ער שטענדיק ליב געהאַט צו דערציילן מעשיות פון זיינע יונגע יאָרן, ווי ער איז געבליבן קליינערהייט אַ יתום, אָן אַ פּאָטער און אָן אַ מוטער, האָט אים אויסגעהאָדעוועט אַן אָרימער שוסטער, וואָס ביי אים האָט זיך פריער קיין קינדער ניט געפירט, און צוליב זיין זכות האָט דעם שוסטערס פרוי אַ יינגל מיט אַ מיידל געבאָרן.

דערנאָך פלעגט ער דערציילן פון זיין פּופּצניאַריקער סלוזשבע און דעם גרויסן חן, וואָס ער האָט געהאַט ביי „נאַטשאַלסטווע"; פון די מאַנעווערעס מיט דער בראָדזשעריי אין די טייכן און דעם נעכטיקן אין די זומפּן, וואו ער האָט זיינע פיס צוגעקילט, פון זיין חתונה מיט אַ ווייב אַ שלימזלניצע און זיינע אומגליקן.

נאָר דער עיקר סיפור זיינער איז געווען וועגן דער תהילים־זאָגעריי אין מושב־זקנים שבת פאַרנאַכט. דאָס דערציילנדיק, פלעגט ער זיך תמיד אַוועק־שטעלן, זיך אויסגלייכן, אַוועקוואַרפן די באַרשט, ווערן דערביי זייער פאַר־רויטלט, און באַגייסטערטערהייט דערציילן מיט אַ מאָדנעם חשק וועגן זיין גרויס הנאה און חיות אַ גאַנצע וואָך פון דעם זאָגן דעם תהילים וואָרט ביי וואָרט פאַר די אַלטע לייט, וועלכע זאָגן אים נאָך. „איך ווייס אפילו ניט דעם פּירוש־המילות", פונדעסטוועגן—פלעגט ער צוגעבן מיט אַ מין גאווה,—„ווייס איך דעם „ניגון", ווי מען דאַרף זאָגן, און איך „פיל", וואו מען דאַרף זיך אָפּשטעלן".

אין דער אָקופּאַציע־צייט, אַז קיין אַרבעט איז ניט געווען, האָט ער אָנ־געהויבן בעטן נדבות.

זיין בעטן איז געווען מאָדנע, דער מויל אינגאַנצן צוגעמאַכט, שטום; ער פלעגט מער ניט אויסשטעלן אַ פּאָר אומעטיקע בעטנדיקע אויגן, אַז עס האָט דאָס האַרץ פאַרקלעמט. לאַנג האָט ער אָבער ניט געבעטן.

אינגיכן איז ער פון הונגער געשוואָלן געוואָרן און געשטאָרבן.

---

דער דריטער וואַסערטרעגער איז געווען אַן אלמן אָן אַ ווייב און אָן קינדער, האָט זיך אויפגעהאַלטן ערגעץ אין אַ פינסטערן ווינקל, געגעסן „סקאָ־רינקעס", געגאַנגען אויך יום־טוב אָפּגעריסן־אָפּגעשליסן, מיט קיינעם ניט גע־רעדט, געלעבט רק פאַר זיך.

זאָגן האָט מען אויף אים געזאָגט, אַז ער האָט ממון קורח, און איז ניט קיין „עם־הארץ".

אַ גאַנץ יאָר האָט ער קיינעם ניט געליען, און קיינעם ניט געגעבן, מער ניט ערב יום־כּיפור אויף „ישוב־ארץ־ישראל־קערה", האָט ער שטענדיק געגעבן די גרעסטע נדבה.

איינמאָל האָט ער זיך דאָרט אפילו אַרויסגערעדט, אַז דאָס איז זיין גאַנ־צער באַגער, אָנשפאָרן געלט און פאָרן אין ארץ־ישראל.

אַזוי האָט ער געשפּאָרט און געטראַכט וועגן ארץ־ישראל, ביז עס איז אָנגעקומען די אָקופּאַציע.

דאַן, נאָך אַ פולע הונגערן, האָט ער אפילו ערלויבט זיך „אָנרירן" די „אָנגעשפּאָרטע" און אַ ביסל געפּטרט.

מ'יט די איבעריקע אָנגעשפּאָרטע האָט ער גענומען האַנדלען און איז גע־וואָרן אַ „גייער", אַ פּודנטרעגער.

איז ער אָבער געווען אַ שלימזל, האָבן די דייטשן ביי אים איינמאָל אָפּגענומען, און נאָך אייניקע מאָל אָפּגענומען, ביז פון זיינע „אָנגעשפּאָרטע" איז גאָרניט געבליבן.

קיין נדבות האָט ער ניט געבעטן, איז ער געזעסן אין בית־מדרש, גע־הונגערט און געהונגערט.

און דאָרט גופא אויסגעגאַנגען...

---

## די זאָגערקע.

די זאָגערקע איז געווען אַ נידעריקע יידענע מיט אַ צופרידענעם פרישן פנים און מיט אַ פולע פרנסות, געהאַלטן אַ פריוט, געמאַכט זעקלעך, געקאָכט באָבעס און געוואַשן פאָדלאָגעס.

דער עיקר ספּעציאַליטעט אירער איז אָבער געווען די „זאָגעריי"; אויף ראש־השנה און יום־כיפור פלעגט זי אָפּדינגען אָגולנע אַ טיש אין גרויסער שול לעבן טיר, פאַרדינגען דאָרט אָרימע ווייבער „עמי־הארצים" און דאַוונען מיט זיי; הגם דאָס האָט איר וויניק־וואָס אַריינגעטראָגן, אַמאָל נאָך אויך צוגעלייגט, פונדעסטוועגן האָט זי זיך מיט דעם תּמיד געיחוסט.

איר דירה איז געווען אין אַ פינסטער קליין שטיבל אַנטקעגן מיסטקאַסטן, אין שכנות מיטן יידישן מרחץ.

די גאַנצע מעבל אין שטיבל איז געווען: אַ טישל מיט אַ פּאָר צעבראָ־כענע בענקלעך, אַ בעט, איבערן בעט פּאַלאַטקעס און אַ גרויסער אויוון.

די בעט האָט געהערט דער בעל־הביתטע און די פּאַלאַטקעס—צו אירע שכנים, אָרימע־לייט, וואָס גייען איבער די הייזער, און אויף דער פּאָדלאָגע אין אַלע ווינקעלעך—פאַרשיידענע משוגעים: אַ געוועזענער מלמד, וואָס שרייט נאָכאַנאַנד: „שקצים, לאַידאַקעס, שטיל זאָל זיין!" אַן אלמנה, וואָס שילט טאָג און נאַכט דעם מאַן; נאָך איינער, וואָס זינגט תּמיד שטילערהייט מעלאַנכאָליש ימים־נוראימדיקע ניגונים א. אַז. וו.

דעם אויוון האָט די זאָגערקע אויך באַנוצט אויף אירע פרנסות.

זי האָט דאָרט אַלע אינדערפרי אויסגעקאָכט קאַרטאָפל, באָבעס, אַרבעס, און פאַרקויפט אין יידישער גאַס.

אויפן אויוון האָט זי געטריקנט אירע פאַפּירענע זעקלעך, וואָס זי האָט געמאַכט בייטאָג, ביינאַכט (ליידיק איז זי קיינמאָל ניט געזעסן) און פאַרקויפט אין די קליינע קרעמלעך.

דאָס אַלץ איז ביי איר געווען קלייניקייטן, און די גאַנצע חיונה האָט זי געצויגן פון וואַשן פאַדלאָגעס.

אין גאַנץ יידישער גאַס איז זי געווען אַ מפורסמת; זי האָט געהאַט בעלי-הביתטעס אויף אַ גאַנצער וואָך, זיי האָבן געוואַרט אויפן „אָטשערעד"; ביי איינער זונטאָג, ביי דער אַנדערער מאָנטאָג א. אז. וו.

בטבע איז די זאָגערקע געווען זייער אַ גוטע; די באָבעס פלעגט זי פאַרקויפן ביליגער ווי אַלע, דאָס זעלבע אויך מיטן וואַשן די פאָדלאָגעס.

זי פלעגט אַלץ טענהן, אַז זי האָט ניט קיין האַרץ צו באַרייכן אָרימע מענטשן. דעריבער האָט זי טאַקע געהאַט אפולע קונדן, אַזש מען פלעגט זיך קריגן איבער איר.

פון גרויס פאַרהאַוועטקייט פלעגט זי קיינמאָל ניט עסן קיין „סעודת קבע", תמיד נאָר כאַפּ-לאַפּ אַ ביס אַן עפּל פאַר אַ פאָר גראָשן, אַ קוכעלע פאַר אַ קאָפּיקע, אַ שטיקל לונגען מיט ברויט פאַר אַ צענער, און אַזוי אָפּלעבן דעם טאָג.

שטענדיק האָט זי ליב געהאַט צו טאָן עטלעכע מלאכות מיט אַמאָל: קאָכנדיק די קאַרטאָפל, האָט זי אויך געקלעפּט זעקלעך, וואַשנדיק האָט זי אויך געגעסן; האָט זי ניט געגעסן, האָט זי כאָטש דערציילט מעשיות; און מעשיות האָט זי געהאַט אַ פולע, חלילה קיינעם ניט באַרעדט, מער ניט פון איר, מיט אירע מאַנען.

איר טאַטע, פלעגט זי דערציילן, איז געווען אַ שוסטער, אַ לאַטוטניק, שמעון קאַפּטאַנס אַ פליגל-אַדיוטאַנט.

פון זיין אַרבעט האָט ער קנאַפּ-וואָס פאַרדינט, נאָר איר מוטער איז געווען אַ טענדלערקע, אַ גרויסע פאַרדינערקע.

ביי זיי האָט זיך אָבער קיין קינדער ניט געפירט; זי איז דאָס געווען די זיבעטע, און זי איז געבליבן לעבן צוליבן זכות, וואָס זיי האָבן אַריינגענומען אַ יתומל אויף האָדעוואַניע, לויט דער עצה פון רבנים.

צו פערצן יאָר האָט זי חתונה געהאַט מיט אַ געראָטענעם יונגן-מאַן, אַ גרויסער למדן; ער איז אָבער תיכף אַראָפּ פון דרך-הישר, געגאַנגען אָן אַ היטל און געלייענט ביכלעך, האָט אים די מוטער אָפּגעגט.

דערווייל איז די מוטער אָפּגעשטאָרבן, האָט איר דער פאָטער חתונה געמאַכט מיט אַ גרויסן למדן אַן אַלטן מאַן, האָט זי אים ניט געוואָלט, און ווידער זיך געגט.

אינמיטן איז דער פאָטער געשטאָרבן; אַ פאַרדינערקע איז זי געוואָרן,

פלעגט זי דערציילן תּיכּף נאָך איר מוטערס טויט, האָבן זיך אויף איר געקוואַפּעט רק אַלטע לייט, זי זאָל זיי געבן עסן, און זי האָט צום דריטן מאָל חתונה געהאַט מיט אַ פּרוש, וואָס איז געזעסן אין אַ קלויז און געלערנט. אַן אַלטער מענטש, אָבער זייער אַ גוטער, מיט אים האָט זי געהאַט א ייִנגל, איר גאַנצער אייגנס.

מיטן פּרוש האָט זי אָפּגעלעבט זיבן יאָר; פּלוצלונג, דערציילט זי, איז זי משוגע געוואָרן און געבעטן ביי אים גט. האָט ער זיך אָנגעהויבן ביי מיר צו בעטן מיט טרערן: זע, מיין טאָכטער! איך בין דאָך שוין אַלט, איך וועל זאָ ווי זאָ באַלד שטאַרבן, און איך האָב דאָך מיט דיר אַ קינד, פאַר וואָס ווילסטו זיך גטן"?! און דערביי זיך פונאַנדער געוויינט ווי אַ קליין קינד. איך׳ פלעגט זי דערציילן מיט אַ ימים־נוראימדיקן תּחינות־ניגון,—האָב נאָך מער געוויינט, וואָרים ער איז מיר געווען ווי אַ טאַטע, און פונדעסטוועגן פאָרט זיך געגט.

זי האָט אַפילו דערנאָך שטאַרק חרטה געהאַט און דערפאַר געטראָגן אים אַ גאַנץ יאָר אין מושב־זקנים ביז זיין סאַמע טויט אַלע פרייטאָג צוויי חלהלעך און אַ קוואַטירל בראַנפן אויף קידוש.

דער פערטער מאַן איז געווען אַן אַלטינקער, שיינינקער און ריינינקער יידעלע, מיט אַ גוטן קול־נגינה, אויך אַ למדן. ער איז געווען אַ חזן פון מעמדות און עשירי־קדש, אויך געגאַנגען מיט אַ פושקע פאַר אַ חברה, אָבער פון אַלע זיינע פאַרדינסטן פלעגט ער איר מער ניט געבן, אַ גילדן אויף וועטשערע און 4 גילדן אויף שבת; וואָלט געווען פונדעסטוועגן גוט, האָט ער אָבער אַלץ געהאַט צו איר טענות, אַז ער קען ניט פאַרטראָגן דעם געפילדער פון די משוגעים, און דעם עיפּוש פון דער דירה, און איז טאַקע פון דעם קראַנק געוואָרן און געשטאָרבן.

דער פינפטער מאַן איז געווען אַן אונטערשמש, אַפילו ניט קיין אַלטער, אָבער אַ בייזער. די חתונה מיט אים,—פלעגט זי אַלץ זאָגן,—איז איר אָנגעקומען שווערלעך; דער ייִנגל איז שוין דאַן געווען אַ היפּשער, פון אַ יאָר צוועלף, האָט ער זייער געוויינט, האָט עס איר גענומען ביים האַרצן. דער ייִנגל איז געווען אַ שטילינקער, האָט זי אים איינגענומען מיט גוטע רייד, איז ער מרוצה געוואָרן.

אַזוי האָט זי זיך אָפּגעלעבט ביז דער מלחמה גאָר נישקשהדיק. אין דער צייט פון דער אָקופּאַציע איז קיין קאַרטאָפל, אַרבעס, באָב צום קאָכן ניט געווען, די אָרימעלייט מיט די משוגעים זיינען געוואָרן ווינציקער, אַפילו קיין פּאָדלאָגעס צום וואַשן איז אויך ניט געווען. אויב עס האָט זיך אַמאָל יע געמאַכט, פלעגט אַרויספאַלן ביי איר די הענט און דאָס וואַשן איז שוין געווען גאָר ניט געראָטן; אַז מען פלעגט איר דאָס אויסריידן, פלעגט זי טיעף אַ קרעכץ טאָן און זאָגן שטילערהייט: „זיי ווייסן מסתּמא ניט, אַז איך האָב שוין אַ פּאָר טעג ניט געגעסן".

איר גאַנצער פאַרדינסט האָט אפילו ניט געקלעקט פאַר זון, און ניט איין מאָל פלעגט אויסברעכן מלחמות צווישן זון מיטן מאַן איבערן כזית ברויט, אָבער זי אַליין האָט שטענדיק געשוויגן, געהונגערט און געשוויגן.

אַ קורצע צייט אפילו האָט זי דווקאָ פאַרדינט; עס איז דאַן אויסגעבראָכן די טיפוס־מגפה, איז זי געוואָרן אַ היטערקע פון גוססים, פלעגט נייען תכריכים, אָפּריכטן טהרה און איז געוואָרן גאָר לעבעדיק, אי געזען זיך מיטן גראָשן, אי מיט אַ מלבוש (פון מת), געהאַט פאַר זון מיטן מאַן, און אַליין אויך ניט געהונגערט.

אינגיכן האָט זי זיך אָבער מיטן טיפוס אָנגעשטעקט און געשטאָרבן, צווײ און פערציק יאָר אַלט.

---

## דער שקיעה־שרייבער.

דער שקיעה־שרייבער איז געווען אַ נידעריקער, מיט אַ לאַנגער ווייסער באָרד, אַ פריילעכער, אַ רירעוודיקער, און שטענדיק זיך חסידישע ניגונימלעך אונטערגעזונגען.

אַמאָל איז ער געווען אַ פיינער בעל־הבית, געהאַט אייגענע הייזער געפּירט געשעפטן, נאָר חתונה מאַכנדיק די קינדער, אפילו מיט זיי לייטישע שידוכים געטאָן, אָבער די געשעפטן מיט די הייזער זיינען דערווײלע איינציקווייז ניט געוואָרן.

די קינדער זיינען אויך דערנאָך פאַרשוואונדן, צעשפּרייט געוואָרן אין דער גאנצער וועלט, ווער אין אַמעריקע, ווער אין אַפריקע, ער האָט אָבער פון דערוווייטענס פון זיי גוטע בשורות געהערט, אויך האָבן זיי אים רעגעלמעסיק זייער שטיצע געשיקט, איז ער געזעסן מיט זיין אַלטער און גאַנץ רואיק זיך געלעבט.

זי איז געווען אַ ווירטן אין שטוב, און ער איז געוואָרן אַ גאַנצער בעל־הבית אין ק ויז, איבערגעגעבן זיך צו עבודת הבורא, געזאָגט תהילים, געלערנט אין פאַרשיידענע חברות מקראָ, משנה, מגידים געהאָרכט און אַזוי זיך ביז דער מלחמה אין נחת און כבוד פאַרבראַכט.

אז ס׳איז אָבער אויסגעבראָכן די מלחמה, האָט דער שקיעה־שרייבער דערלעבט זייער שלעכטע צייט, פון די קינדער ניט ער האָט געהערט, ניט

זיי האָבן געלט געשיקט, איז די אַלטע פון צער גאָר געשטאָרבן, און ער איז איינזאַם און עלנט געבליבן.

נדבות בעטן האָט ער זיך געשעמט, פאָרט צמאָל אַ בעל-הבית געווען, האָט ער בעסער כל עבודת פרך געטאָן, געהיט קראַנקע, דערנאָך אַז די קראַנקע זיינען געשטאָרבן, נאָך זיי תהלים געזאָגט, אין אַ קלויז באַדינט און דאָרט געגעסן אין די טויזנטער אַז אויך דער דאָזיקער מקור פון חיונה האָט זיך אויסגעלאָזט, האָט ער שוין נדבות געבעטן, נאָר ניט סתם נדבות,—פאַר יעדער נדבה האָט ער אַ „שקיעה" געגעבן.

אַמאָל איז אין ווילנע אַ חברה „מזהירי-שבת" געווען, פלעגט זי אַלע וואָך דרוקן „שקיעות", און אָנזאָגן דאָרט, ווען מען דאַרף פרייטאָג ליכט בענטשן, ווען מען מעג שבת-צונאַכט מעריב דאַווענען וכדומה, און טיילן דאָס די מתפללים פון די קלויזן אומזיסט. אין אָקופּאַציע-צייט, אַז די חברה איז בטל געוואָרן האָט ער דאָס די מצווה פון שרייבן „שקיעות", איבערגענומען און אויף די שקיעות, פלעגט ער זיך אונטערשרייבן:

„ממני התהלים זאָגער וגם השקיעה שרייבער".

אָבער אויך אויף די שקיעות זיינען קנאַפּ-וואָס בעלנים געווען און איינמאָל אין קלויז, אינדערפרי קומענדיק דאַוונען, האָט מען דעם „שקיעה-שרייבער" פון הונגער אַ אויסגעגאַנגענעם געפונען.

---

## דער מוכר ספרים.

דער מוכר-ספרים איז געווען ניט קיין הויכער, מיט אַ קליין בערדל מיט איין אויג אַ בלינדלעכן און מיט אַ דאַר-ביינערדיקן פּנים, וואָס האָט אויסגעזען אפשר עלטער פון מתושלחס יאָרן; אין אמתן אָבער איז ער געווען אינגאַנצן איבער זיבעציק.

נאָך אַלס קינד פון ניין יאָר האָט מען אים אין סאָלדאַטן געכאַפּט און ער האָט פאַרזוכט אַ יאָר כופּצן ניקאָלאַיען אָפּצודינען. צוריקקומענדיק האָט ער חתונה געהאַט און געירשנט דעם טאַטנס חזקה אַ מוכר-ספרים אויפן ווילנער שולהויף צו זיין.

די מוכר-ספרימעריי איז ביי זיי געווען אַ ירושה פון דורות; זיינע זיידעס און עלטער זיידעס זיינען אויך געווען מוכר-ספרים אויפן ווילנער שולהויף, און זיין פאָטערס פאַמיליע אַפילו איז געווען „מו"ס" אויף די גאַנצע משפחה

ביי זיי זיינען געווען מוכרי-ספרים, דער ברודער, די שוועסטער, נאָר זיי זיי-נען. שוין אַלע לאַנג אויסגעשטאָרבן, איז ער דאָס געבליבן דער איינאיינציקער מוכר-ספרים אויפן שולהויף.

זיין גאַנצע קראָם איז באַשטאַנען פון אַ פּאָר קאָשיקעס פול מיט רומל-סחורה און זיין גאַנצע קראָם-מעבל פון צוויי בענקלעך — איינס פּאַר זיך אויף צו זיצן און דאָס אַנדערע אויף צו האַלטן זיינע קאָשיקעס די בענקלעך פלעגט ער אויף ביינאַכט באַהאַלטן אין שבעה-קרואים און די קאָשיקעס ערגעץ-וואו אין אַ קעמערל אויפן שולהויף, און אַ גאַנצן טאָג איז ער זיך געזעסן מיט זיין קראָם סחורה אונטערן פרייען הימל אויפן שולהויף און געמסחורט.

ער האָט פאַרזאָרגט די ווילנער יידן פסח מיט הגדות, תשעה-באב מיט קינות, ימים-נוראים — מיט סליחות, מחזורים, שופרות, תחינות, הושענה-רבה — מיט הושענות, סוכות — מיט הדסים, פורים — מיט מגלות און אַ גאַנץ יאָר — מיט ארבע-כנפותן, ציצית, מזוזות, סידורים, חומשים, צאינה-וראינהס, מעשיות און אַ מאָל אויך מיט אַ זייטיקן ספרל פון וועמעס עס איז אַן עזבון וכדומה.

קיין גרויסע געזינדל איז ער ניט געווען, סך-הכל ער מיט זיין ווייב און אַ זון אין אַמעריקע; דאָך האָט ער קוים פון זיינע קאָשיקעס חיונה געצויגן, ווייל ער איז געווען אַ ייד מיט זייער אַ גוט הארץ, אַ תמים. ער האָט קיינעם ניט געקענט באַרייסן און אַלע האָבן ביי אים געהאַנדלט מציאות. ער פלעגט זיך שטעלן צו פאַרדינען עטלעכע גראָשנס און יוצא

דער מוכר-ספרים איז אויך געווען אַ מושלם. ער האָט געקענט לייענען אין דער תורה, ער האָט געקאָנט שופר בלאָזן און אַלע שבת פלעגט ער זיך אויספוצן מיט זיין אַלטן צעלענדער-הוט, מיט זיין לאַנגער קאַפּאָטע און פלעגט זיך גיין בנעימותדיק פון זיין וואוינונג אויפן שולהויף אין דער גרויסער שול אַריין. דאָרט האָט ער שוין געהאַט אַ בקביעותדיקן מקום פון צענדליקער יאָרן, אַז מ'האָט שוין ביי אים גאָר קיין שכר מקום ניט גענומען. דערנאָך געלייענט אין די פּאָליש'ן שבת פאַרנאַכט, געזאָגט תהלים אין שבעה-קרואים פאַרן עולם פון וויפיל יאָרן און אויסגעזונגען זיך מיט זיין הייזעריקן קעלכל בהרחבהדיק דעם קאַפּיטל למנצח, פורים געלייענט דאָרט די מגילה, ראש-השנה געבלאָזן שופר און אַ גאַנץ וואָך געמכחורט זיך אויפן שולהויף און אַזוי זיך אָפּגעלעבט רואיק אין נחת ביז דער אָקופּאַציע.

אַז ס'איז אָנגעקומען די אָקופּאַציע און קיין ספרים האָט שוין קיינער ניט געקויפט, איז ער געזעסן ביי די קאָשיקעס, געהונגערט און געקרעכצט: „זאָל איך בייסן מיינע ספרים, מיינע קאָשיקעס?".

ביז ער האָט שוין פון הונגער אָנגעהויבן צו גוסכן און אַזוי געגוססט ביי זיינע קאָשיקעס, ביז ער איז אויסגעגאַנגען.

## דער מעקלער פון די מלמדים און זיין בירושע אויפן שול־הויף.

דער מעקלער איז געווען אַ נידעריקער יידל מיט אַ געל קליין בערדל, די הויזן—אין די שטיוול, די האָר צעשויבערט און דאָס היטל מיטן דאַשעק תמיד ניט אויפן אָרט.

קיין גרויס געזינד איז ער אפילו ניט געווען,—סך־הכל זיין ווייב און אַ זון אַ בן־יחידל—פונדעסטוועגן איז ער געווען שטענדיק פאַרהאַוועט און פאַרשמייעט.

ער האָט געהאַט אַלעמאָל אַ סך געשעפטן: אַ „טשיינע”, אין „טשיינע” אַ גאָרקיך, אַן אכסניא און דער עיקר אַ בירזשע: פאַר מלמדים, לערער און חתנים. ער איז דאָס געווען דער מעקלער, דער שדכן פון די אַלע מינים פאַרן „ישוב”.

ביי אים אין פינסטערן, קליינעם שטיבל איז תמיד געווען אַ געפילדער. עס האָט דאָרט שטענדיק געווימלט מיט אָרימעלייט און בטלנים פון שולהויף, מלמדים מכל המינים, פון א״ב ביז פוסקים, לערער אויף אַלע שבע חכמות און חתנים אַלערליי סאָרטן, יונגע, אַלטע, אַלמנ״ס וכדומה.

בטבע איז ער געווען אַ מענטש מיט זייער אַ גוט האַרץ, דאָס זעלבע אויך זיין ווייב; זי פלעגט אפילו אַמאָל יאָ צעבייזערן זיך, אָבער גלייך חרטה האָבן און זיך איבערבעטן.

ער איז אויך געווען אַ גרויסער מכניס־אורח; האָט ווער ניט געהאַט וואו צו אַהינטאָן זיך, פלעגט ער שוין קומען צו אים.

ביי אים פלעגן אָפּזיצן אָרימע בחורים וויפיל חדשים, עסן און טרינקען ביזן סעזאָן, דאָס הייסט, ביז אָנפאַנג זמן, אויב זיי וועט זיך מאַכן אַ קנעלונג, זאָל מען אָפּרעכענען פון די „דמי קדימה”.

דאָס רוב איז דאָס געווען אַזוינע עקסטערנע, וואָס פלעגן אַ זמן קנעלן, אָנקלייבן געלט, כּדי דעם אַנדערן זמן לערנען „וחוזר חלילה”; פונדעסטוועגן האָבן די פעאיקע אויף אַזאַ אַרט אַדאַנק דעם מעקלער צוגעשלאָגן זיך צו ביל־דונג; די אָפּגעשטאַנענע אָבער פלעגן זיך אַזוי אָפּוואַלגערן ביי אים ביזן גרויען קאָפּ.

ער האָט אויך געהאַט זיין מצווה: אַלע סוכּות אויסבויען אַ סוכּה פאַרן גאַנצן שולהויף.

אַזוי האָט דער מעקלער אָפּגעלעבט ביז דער מלחמה. ער האָט שוין גע־האַט אפילו אָנגעקליבן אַ מטבע, אָנגעטאָן אַ קאַפּעליוש, אַראָפּגעלאָזן די הויזן איבער די שטיוול און חתונה געמאַכט דעם בן־יחידל.

אינמיטן איז אָבער אָנגעקומען די אָקופּאַציע, זיינען די בירזשאַנטן ניט

געוואָרן; מ׳האָט זיי צוגענומען אויף דער מלחמה, אויף צוואַנג־אַרבעט; קיין ישובניקעס זיינען אויך ניט געקומען, די שטאָט איז געוואָרן געשלאָסן, און און אַלע זיינע געשעפטן זיינען אונטערגעגאַנגען.
און מיט זיי אויך זיין בירזשע אויפן שולהויף.

---

## דער חברות־גרינדער.

דער חברות־גרינדער איז געווען אַ הויכער, אַ שלאַנקער, געגאַנגען שטענדיק איינגעוויקלט אין פעלערינעס, געטראָגן אַ קליין בערדל מיט אַ פּאָר גרויסע וואָנסעס און פענסנע און געפירט פיינע געשעפטן.

שטאַמען האָט ער געשטאַמט פון גרויס יחוס, אַ קרוב פון דעם גרעסטן רבי, אויך פון גרויסע מאַגנאַטן; זיינע זיידעס האָבן פּאָטשטן אין פיל שטעט געהאַלטן און דעם קיסר אַלעקסאַנדער אַליין געפירט, אויך קלויזן געבויט, גרויסע נדבות געגעבן און אַליין וויפיל חברות אויסגעהאַלטן.

דער חברות־גרינדער האָט אויך זייער אַ גוט־האַרץ פאַרמאָגט, האָט ער אין זיינע געשעפטן ניט געקענט איינזיצן, זעענדיק, ווי אָרימע קראַנקע מוטשען זיך. און ער גרינדעט אַ חברה צו היטן און שטיצן קראַנקע, העלפן די שטוביקע, וועלכע זיינען פאַרמאַטערט און פאַרלאָרן אין יאוש און אָרימקייט.

ער קען אויך ניט צוקוקן, ווי די אָרימע בעלי־מלאכותלעך גייען אויס פון די כוחות נאָך אַ הלוואהלע, קיינער וויל זיי ניט לייען, גייט ער און גרינ־דעט אַ באַנק.

ער קען אויך ווייטער ניט זעען, ווי די אָרימע קינדער לערנען ביי די מלמדים עמי־הארצים און גייען פון דאָרטן אַרויס גראָבע יונגען, ניט קיין תורה און ניט קיין חכמה, גייט ער און גרינדעט אַ חברה צו לערנען קליינע קינדער תורה מיט חכמה.

און אַזוי גרינדעט ער אַלע ווײַלע נייע חברות און פילדערט און קאָכט אויף די גבירים, זיי זאָלן געבן געלט אויף זיינע חברות אויסצוהאַלטן

ביי אים איז ניט געווען שייך גרינדן חברות, כדי צו זיין דאָרט אַ גבאי; ביי אים איז דאָס געווען דער עיקר פון זיין לעבן און טייערער ווי אַלץ אין לעבן. און טאָמער האָט ער געזעען, אַז זיין ווייב וויל ניט ליידן, וואָס ער טאָגט און נעכטיקט אין זיינע חברות און דאָס שטערט אים אין זיינע עסקים, גט ער זיך מיט זיין פרוי.

דערנאָך אַז ער האָט זיך אַרומגעזעען, אַז זיינע געשעפטן שטערן אים

אויך אין דער אַרבעט פאַר זיינע חברות, נעמט ער און וואַרפט אַוועק אויך זיינע אַלע געשעפטן און גיט זיך אינגאַנצן איבער מיט זיינע חברות.

אַזוי האָט ער זיך געלעבט, געגרינדעט חברות און געקליבן נחת פון זיי.

אַז ס׳איז אָבער אָנגעקומען די אָקופּאַציע, און צרות זיינע איז געוואָרן וואָס מערער און זיינע חברות זיינען געוואָרן וואָס ווייניקער און ווייניקער, איז ער פון צער גאָר קראַנק געוואָרען און קראַנקערהייט פאַרגינט ער זיך ניט אַפילו אַ שטיקל פלייש: „ווי קען איך עסן פלייש בשעת די אָרימע פעלט ברויט!”.

און פאַר זיין שטאַרבן שרייבט ער אָפּ בצוואה זיינע חברות עטלעכע טויזנט מאַרק, וואָס ער האָט עס אַ גאַנצן לעבן קאָפּיקעסווייז פאַר זיי ירושה געקליבן.

---

## דער משכּיל.

דער משכּיל האָט געשטאַמט פון אַ מיוחסדיקער אָרטאָדאָקסיש-משכּילישער פאַמיליע, וואָס האָט דעם יידנטום אייניקע גרויסע לייט געגעבן.

ער אַליין איז אויך געווען אַן אינטעליגענט, געקענט אייניקע שפּראַכן, גע-גאַנגען מיט אַ נעט געשאָרן בערדל און איז דאָך אַן אָרטאָדאָקס אַ קנאי גע-ווען; ער האָט אפילו אין רוסיש דווקא אַ חיבור געדרוקט צו פאַרטיידיקן דעם אָרטאָדאָקסישן חינוך און איז פון די ציוניסטן אַוועק, ווייל זיי זיינען ניט פרום.

פריער איז ער אַ בוכהאַלטער ביי יענעם געווען, נאָך דער חתונה איי-גענע געשעפטן געפירט און איז געוואָרן רייך.

אַז ס׳איז אָבער די מלחמה אויסגעבראָכן, זיינען זיינע געשעפטן שוואַ-כער געוואָרן. דערנאָך אין דער אָקופּאַציע זיינען זיי אינגאַנצן אונטערגעגאַנ-גען, איז ער געזעסן, געגעסן דעם מזומנעם קאַפּיטאַל און געקרעכצט.

מ׳האָט אים אפילו גוטע שמוכלערשע געשעפטן פאָרגעלייגט (קיין אַנדערע געשעפטן איז דאָך ניט געווען), האָט ער וויפיל צייט אַ גרויסע אינערלעכע מלחמה אויסגעשטאַנען: פון איין זייט גרויסע רווחים, און פון דער אַנדערער זייט דער תּהום פון דחקות און ליידן. אָבער דער משכּיל, וואָס אין אים, האָט אים ניט געלאָזט רוען: סטייטש, ווערן אַ שמוכלער, און באַגזלען דעם אָרימען פאָלק?

איז ער געזעסן אין סטראַשונס ביבליאָטעק און געמאַכט אַ חיבור אויף תּהלים און געזעסן אין שטוב און געגעסן דעם קאַפּיטאַל און געשאָטן שוועבל און פעך אויף די שמוכלער. „אויב מען נעמט אפילו פאַר אַ שוועבעלע ביים פויער טייערער, וועט דערפאַר דער פויער פאַרן שטיקל ברויט נאָך 10 מאָל

טייערער נעמען, און די אַלע אָרימע לייט וועלן פון הונגער אויסגיין—פלעגט ער אַלץ טענען.

דערוויל איז אָבער דער קאַפּיטאַל וואָס אַ טאָג אַלץ ווייניקער און ווייניקער געוואָרן, האָט עס אים געקרענקט און געקרענקט, ביז וואַנען ער איז טאַקע קראַנק געוואָרן און געשטאָרבן.

---

## דער געלערנטער אָדער דער איש־הספר.

דער געלערנטער האָט געשטאַמט פון גרעסטן יחוס. ער איז געווען אַ הויכער, אַ שטאָלצער, מיט אַ שטרענגן אויסזען, אָבער אַ גרויסער בעל־טובה און זייער אַ קלוגער.

ער איז געווען אַ מפורסם אין דער גאַנצער געלערנטער וועלט, און מיט אַלע גרעסטע זיך קאָרעספּאָנדירט. אין שטאָט אָבער האָט אים כמעט קיינער ניט געקענט, ווייל ער איז געווען אַ קאַבינעט־מענטש, אַ איש־הספר.

נאָך זייענדיק גאָר יונג, האָט ער שוין אָנגעהייבן שרייבן. אינגיכן איז ער אָבער אַ סוחר געוואָרן, און פאָרנדיק קיין פּעטערבורג, קיין רוים האַנדלען, האָט ער זיך גאָר אין די גרויסע ביבליאָטעקן, אין די גרויסע אוצרות פון ספרים געגריבלט, און ספרים אָנגעהויבן צו שרייבן, און וואָס אַ יאָר אַלץ מיט אַ כפר מער דער געלערנטער וועלט געשענקט, און יעדער ספר האָט געמאַכט אַ רושם, האָט געהאַט אַ ווירקונג.

אינגיכן האָט ער גאָר אַ מויער גענומען סטראָיען, אָבער אין זינען האָט ער אַלץ זיינע ספרים געהאַט; האָבנדיק חיונה פון מויער, וועט ער זיינע ספרים קענען רואיקער שרייבן. ער מאַכט אַ גערטל, ער פלאַנצט אַ סעדל, און אַלץ כדי ער זאָל אויך זומער אין די היצן רואיק זיינע ספרים קענען שרייבן.

און סיי בייטאָג, סיי ביינאַכט, סיי ביים עסן, סיי ביים שלאָפן איז ער אַלץ מיט זיינע בערג ספרים אַרומגערינגלט געווען, צו קיינעם איז ער ניט געגאַנגען, אין ערגעץ ניט געפאָרן, און אַלץ געזעסן געקוקט אין זיינע ספרים, געשריבן און געקוקט.

אַ כלל־טוער איז ער געווען, און זיין גאַנצע כלל־טוערײ איז אין אַ ביבליאָטעק פון ספרים געווען. זיין גאַנצער שפּאַצירגאַנג איז אויך תמיד געווען פון זיין ביבליאָטעק אין דער צווייטער ביבליאָטעק. אָן זיינע ספרים איז ער געווען ווי אַ פיש אָן וואַסער.

אַז ס׳איז די אָקופּאַציע געקומען, און זיין מויער האָט אים שוין קיין חיונה ניט געגעבן, זיין מויער איז גאָר אַ קאַזאַרמע געוואָרן, און זיינע ספרים שרייבן האָט ער ניט געקענט, איז ער פון צער גאָר קראַנק געוואָרן.

און בשעת ער איז שוין קראַנק געלעגן און כמעט ריידן ניט געקענט,

זיינען זיינע לעצטע ווערטער אויך וועגן די ספרים געוועז. זיין קליינע ביבלי־אָטעק אין דער גרויסער ביבליאָטעק אַריינגעבן האָט ער בצוואה געלאָזן, און מיט די ווערטער האָט ער זיין נשמה אויסגעהויכט.

---

## דער בלינדער חזן.

דער בלינדער חזן איז געוועזן אַ הויכער, אַ שטאָלצער, מיט אַ ווייסער שיינער באָרד און מיט אַ פריש מונטערן פנים, אָבער מיט נאָך אַ פרישערן מונטערן יונגן קול.

אין דער יוגנט איז ער געוועזן אַ פורמאַן, אַ געזונטער קאַרעניק, געוויינט געוועזן צו שלעפּן משאות, נאָר אַז ער איז בלינד געוואָרן, האָט ער אָנגעהויבן בעטן נדבות.

ער איז אָבער ניט געוועזן הכנעהדיק און שעמעוודיק אַזוי ווי אַלע אָרימע לייט, וואָס בעטן שטום און זיינען דאָס רוב נאַכלעסיק אין זייער פּראָפעסיע; ער איז, אדרבא, געוועזן עפּעס שטאָלציק, געבעטן אויפן קול און אָפּגעהיט מיט גרויס זריזות זיין פּראָפעסיע, ניט דורכגעלאָזן אויפן שול־הויף קיין לוויה, קיין יום־טוב און געמאַכט מטבע, אַז מ'האָט גאָר געזאָגט אויף אים, אַז ער האָט „קונדזשיעס", ממון קרח.

דער בלינדער האָט אויך געהאַט אַ זעלטענעם זכרון, אַ זעלטענע השגה. ער האָט געקענט אַלע תפילות אויסווייניק און דערקענט אַ מענטשן צום ערשטן מאָל נאָכן קול נאָך, אויך געוואוסט אַלע גאַסן, ווער רעדט—דעם שול־הויף איז ער געוועזן גאָר קלאָר ווי זיינע פינף פינגער, און געגאַנגען אומעטום גיך, מיט זיין שיינעם שטעקן טאַפּנדיק פאָראויס, אַז ער איז גאָר געוועזן אַ וועגוויייזער פאַר זיין בלינדער פרוי, אַזוי ווי ער וואָלט אַליין געוועזן אַ זעענדיקער.

און אַז עס פלעגט קומען שבת, פלעגט ער זיך אויספּוצן מיט זיין נייע היטל, מיט זיין נייעם מאַנטל, פאַרקאַמען די שיינע באָרד, אַז ער פלעגט גאָר פאַרשיינען די גאַס, גייענדיק אין שול אַריין, און אין אַלע פאָלישן און שבעה־קרואים פלעגט זיך פרייטאָגצונאַכט, שבת אינדערפרי און צו מנחה הערן קלינגענדיק דעם בלינדן חזנס קול מיט די פערלדיקע קלאָרע ווערטער אַזוי בנעימות־דיק, אַז ס'איז געוועזן אַ מחיה נפשות.

אויפן דאַוונען איז ער געוועזן אַזאַ שטאַרקער בעלן, אַז ס'איז ביי אים רעכט געוועזן אָפּזיצן וויפיל מנינים און אָפּהיטן דעם עמוד, און ווען לצים האָבן זיך מיט אים געוואָלט אַ רייץ טאָן און ניט לאָזן אים צום עמוד, פלעגט ער אָבער קומען מיט זיינע טענות, אַז ער איז גאָר אַ חיוב.

אַזוי האָט זיך דער בלינדער חזן געלעבט רואיק ביז דער אָקופּאַציע;

שבת זיך געדאַוונט מיט גרויס תענוג און זיך געקליבן נחת און געוואָרן אפילו אַ מפורסם און שבתצונאַט תיכף נאָך הבדלה שוין זריזדיק געשטאַנען אויפן ראָג גיטקע־טויבעס־זאַוואולאָק און דייטשער גאַס און געשריען מאָנאָטאָנע אָן אַ הפסק מיט זיין קלינגענדיקער שטימע: „גיט אַ נדבה אַ בלינדן מענטשן!‟ ביז ס'האָט געשטאָכן אין האַרצן.

אַז ס'איז אָבער אָנגעקומען די אָקופּאַציע און די אָרימעלייט האָט מען גאָר אַרעסטירט און אַוועקגעשיקט ערגעץ־וואו אויף יענער וועלט, האָט ער זיך שוין אויך מורא געהאַט צו באַווייזן אויפן גאַס און איז געזעסן צוזאַמען מיט די איבעריקע אָרימעלייט אין קלויז, געהונגערט, און געשטאָרבן.

---

## די שרייער.

דער הויפּט־שרייער איז געגאַנגען אָנגעטאָן אין אַ סאָלדאַטסקן מונדיר, און צעריסענע הויזן אָן אַ העמד, אָן שיך, נאַקעט און באָרוועס.

ער איז געווען אַ סאָלדאַט און פון מלחמה־שרעק האַלב משוגע געוואָרן; דאָך האָט מען אים אַלס געפאַנגענעם אין דייטשלאַנד גיט געשיקט, און אין אַ משוגעים־הויז האָט מען אים ניט אַריינגענומען.

אין אַ גאַנצן טאָג ביז שפּעט אין דער נאַכט האָט ער זיך אַרומגעבלאַנקעט אין יידישער גאַס, אויפן שולהויף און די קינדער האָבן אים רוען ניט געלאָזט, מיט אים זיך גערייצט און משוגענער גערופן.

נעכטיקן האָט ער גענעכטיקט אַמאָל אין פּאָליש פון איין קלויז, אַמאָל פון אַן אַנדער קלויז, און אָפט גאָר אויף דער גאַס, און כאָטש ס'האָט אים אַ צאָן אָן אַ צאָן געטרייסלט, דאָך האָט ער ניט אויף דער קעלט געקלאָגט, נאָר וועגן הונגער געשריען, און אַלע ביינאַכט פון דער שטילער פינסטערקייט, פלעגט פלוצלונג אַן אומעטיקע טענאָר־שטימע אַרויסברומען: „ווייי איז מיר, ווינד איז מיר! גיט אַ שטיקל ברויט, האָט רחמנות! אַ גאַנצן טאָג ניט געגעסן, איך גיי אויס פון הונגער!‟.

און די ווערטער האָבן געשוועבט אין דער פינסטער, אַריינגעדרונגען אין די הערצער און געשטאָכן ווי שפּיזן.

אמת, אין יידישער גאַס איז געווען נאָך אַפולע, זייער אַ פולע הונגעריקע. זיי זיינען אַלע אָבער געזעסן מיט זייערע אויסגעשטאַרצטע גרויסע אויגן, געקוקט אומעטיק און שטום געשוויגן.

האָט ווער פון רחמנות עטלעכע פעניג געגעבן, זיינען זיי גלייך צו די באַבקעלעך צוגעקראָכן, געקויפט, אַ ביס געטאָן און ווייטער געשוויגן. און נאָר דער איינער האַלב־משוגענער האָט מיט זיינע יאָמערלעכע געשרייען דעם שול־הויף פול געמאַכט.

אויך אויף דייטשער גאַס, אויף זאַוואַלנע זיינען געזעסן פרויען מיט מחנות הונגעריקע קינדערלעך און בייטנדיק זיך אין „אָטשערעד“ געשריען: „גיט אַ שטיקעלע ברויט, האָט רחמנות!“ און די קינדערשע קעלכלעך האָבן ווי אָנ־געברענטע שפּיזן געשטאָכן אין האַרצן, געברענט אין מוח.

אַנדערע האָבן שוין אפילו שרייען קיין כּוח ניט געהאַט און נאָר די דאַרע הענטעלעך אויסגעשטרעקט, די אומעטיקע אויגען אויסגעשטעלט.

דערנאָך איז צוגעקומען נאָך אַ שרייערקע, וואָס פלעגט ביינאַכט אין אַלע גאַסן אַרומגיין און יאָמערלעך שרייען: „ווי איז מיר מיין האַרץ, ווי איז מיר מיין האַרץ! מיר איז פינסטער אין די אויגן, איך גיי אויס פון הונגער!“ און דער אָפּקלאַנג פון די ווערטער האָט געשוועבט אין אַלע גאַסן און געבליבן שטעקן אין דער פינסטער.

זייערע קולות האָבן אָבער ניט געהאָלפן און אי דער משוגענער, אי די פרוי זיינען אַנטשוויגן געוואָרן אויף אייביק!

---

## דער בעל־תקיעה.

דער בעל־תקיעה איז געווען אַ הויכער, אַ ברייטער ייד, מיט אַזעלכע שיינעם פּאַטריאַרכאַלישן פּנים און מיט אַ לאַנגער ווייסער באָרד.

אַליין האָט ער געהאַלטן אַ קליין קרעמל ערגעץ־וואו אין עק שטאָט און איז געווען אָפט אויפן שול־הויף; ער האָט זיך גערעכנט כמעט פאַר אַ האַלבן כּלי־קודש, ווייל ער איז געווען אין ווילנער גרויסער שול פון צענדליקער יאָרן אָן אַ בעל־תקיעה.

זיינע תקיעות זיינען געווען וואונדערבאַר־שיין. ווען ער פלעגט זיך מיטן טלית מיט דער זילבערנער עטרה איבערדעקן קאָפּ און פון אונטערן טלית אַרויסשרייען מיט זיין הויכן באַריטאָן דעם „לשמוע בקול שופר!“ פלעגט אַ שוידער דורכנעמען און אַ כּחד פלעגט אָנפאַלן. זיינע תקיעות פלעגן זיך גיסן און ציען, ווי די זיסע טענער פון אַ פידל. זיין תרועה פלעגט קנאַלן און קייקלען זיך איבער דער שול און דער גאַנצער מקום־קדוש פלעגט אַזוי ווי פול ווערן מיט די טרעלן פון די תרועות.

אָבער די הויפּט־ליבשאַפט צו אים איז געווען פאַר זיין „שמחת תורה“ שיין, וואונדערבאַר־שיין איז געווען אַמאָל דער ווילנער שמחת־תורה, אַז ס'האָט געהאַט אַ שם. יונג און אַלט, מיידלעך און ווייבלעך, אפילו זקנות פלעגן זיך צונויפזאַמלען אין מאַנסבילשער שול שמחת־תורה. ס'איז געווען הפקר די וועלט. מ'פלעגט שטיין אויף די טישן, אויף די בענק, יונגוואַרג פלעגן אַרויפ־קלעטערן אויף די זיילן, אויף די ווענט, אויפן גרויסן ריזיקן הונדערטפודיקן הענגלייכטער. אומעטום איז געווען פול און פיל. די קינדער פלעגן קריכן מיט

די פּאָנעס אין די מעשענע אָדער לייטענע לייכטערלעך אויבן מיט די ברענענדיקע ליכטלעך. די הענגלייכטער מיט די הירשעלעך און לייבעלעך פלעגן זיך אָנצינדן, פול מאַכן די שול מיט ליכט, און מ׳פלעגט בכוונה זיי דרייען, אַז ס׳פלעגט עפּעס אויסקומען ווי די לייבעלעך יאָגן זיך נאָך די הירשעלעך. ס׳פלעגן זיך ציען די הקפות, אַפריער אַלע ווילנער רבנים אין די שטריימעלעך, מיט די געטלעכע פּנימער מיט די ווייסע בערד מיט ספרי-תורות אין די הענט; נאָך זיי — די פרנסי-חדשים און די נכבדים פון ווילנע מיט די הויכע צעלענדערס, מיט די פיינע בערד, און אַלע מיט די ספרי-תורות אין די הענט; פאָראויס דער חזן און גאָר צום ערשטן דער הויכער בעל-תקיעה מיט אַ לאַנגן דגל אין באַלקן אַריין, אַרומגעוויקלט מיט אַלערליי פאַרביקע פּרוכתן, און אין דגל גאָר אויבן — אַן אָנגעצונדענע גרויסע ליכט. דער בעל-תקיעה פלעגט מיט זיין הויכן באַריטאָן איבערשרייען דעם חזן, גיין און משונהדיק טאַנצן און שפּרינגען מיט כוח, מיט אַ זעלטענער גבורה, אַז עס איז געווען לעבעדיק-פריילעך. און נאָך פריילעכער איז געווען, בשעת מען פלעגט דעם חזן מיטן בעל-תקיעה אָנהייבן צו האָצקען און די משוררים פלעגן דערביי אונטערזינגען כלערליי לעבעדיקע האָפּקעס, אַז ס׳איז געווען ממש שמחה וששון.

ס׳איז אָבער אָנגעקומען די מלחמה און אפילו דער שמחת-תורה איז שוין גאָר ניט קיין פריילעכער געווען; אויך דער שופר ביים בעל-תקיעה האָט זיך עפּעס מעשה שטן פון שוואַכקייט פאַרהאַלטן איינמאָל און נאָכאַמאָל, אַז מ׳האָט געמוזט נעמען גאָר אַ באַהעלפער צו אים; איז ער עפּעס פון צער אַראָפּ און אַראָפּ, ביז ער איז עובר-בטל געוואָרן און געשטאָרבן.

---

## דער מִשְׁמָרְנִיק.

דער משמרניק איז געווען אַ זויבערער, נידעריקער יידעלע מיט אַ קליין בערדעלע, געשמעקט טאַבאַק און געררויכערט פּאַפּיראָסן.

אין דער יוגנט איז ער געווען אַ מלמד, נאָר אַז ביי זיין אשת-חיל האָבן אָפּגעגליקט די געשעפטן, איז ער געוואָרן אויס מלמד, האָט אָנגעהויבן צו האַנדלען מיט אויסלענדערשע צעטלען און איז געוואָרן אַ קאָלעקטאָר.

דער עיקר עובדא זיינע איז אָבער געווען זיצן „משמורים". אַמאָל איז געווען אין ווילנע גאַנצע חברות משמורים-זיצער; איצטער איז ער דאָס שוין געווען דער לעצטער; ער פלעגט זיך ביי טאָג גאַנץ גוט אויסשלאָפן אין ביינאַכט, אַ זייגער צוועלף, אַז די אַלטע קלויז פלעגט שוין ווערן ליידיק פון די פּרושים, עס פלעגט שוין ווערן גאָר שטיל, פלעגט ער דאַן אָנהייבן זיין לערנען. שטיל מעלאַנכאָליש פלעגט ער זיך אַ גאַנצע נאַכט אָפּזינגען די גמרא.

קיין זין האָט ער ניט געהאַט, נאָר טעכטער, און גענומען פאַר זיי גוטע

איידימס. פלעגן זיינע איידימס אויך זיצן אין דער אַלטער קלויז און לערנען און די ווייבער זיינען געווען די אשת־חילס.

און אַלע חנוכה און פורים פלעגט שוין זיין אַ מנהג ביי אים אין שטוב אַלס די איידימס פרושים און אַליין אויך אַלס אַן אייגענער מענטש מאַכן דאָרט אַ סעודה מיט געגזלעך און משקה, אַזוי ווי אויף אַ חתונה פאַר די עטלעכע צענדליק פרושים, וועלכע האָבן געלערנט אין דער אַלטער קלויז און אין די איבעריקע קלויזן.

וואונדערבאַר שיין איז געווען, אַז ס'פלעגן זיך צונויפקומען די אַלע גרויסע וואויללערנער אין איין מסיבה; פריער פלעגט מען אָנהייבן מיט תורה, דרוש, דערנאָך פלעגט מען אַריבערגיין צום זינגען כלערליי חזנישע ניגונים און בדחנישע שירים. דערהויפּט איז אָבער געווען שיין דאָס קריטיקירן איינער דעם אנדערן אין גראַמען און דער שפּיל און די מלחמה אין ווערטער און שמות הנרדפים. דערנאָך די פאַרשיידענע קונציקע ריקודימלעך ביז אין גרויסן טאָג אַריין.

אַזוי האָט זיך דער משמרניק אָפּגעלעבט זיין וועלטל אין נחת און עונג, בייטאָג געווען אַ פאַרחלומטער קאָלעקטאָר און ביינאַכט געזעסן משמורים.

---

## דער גלות־אַפּריכטער.

דער גלות־אַפּריכטער איז געווען אַ הויכער מיט אַ טיפּישן פּאַטריאַרכאַלישן פּנים, מיט אַ פּאָר שיינע וואונדערבאַרע אויגן און מיט אַ לאַנגער ווייסער באָרד.

צו 15 יאָר איז ער שוין געווען אַ מלמד, צו 16 יאָר האָט ער שוין חתונה געהאַט. זיין ווייב האָט געבאַקט ברויט און ער האָט אַ גאַנץ יאָר גע־קנעלט אויפן ישוב, מיט גמרא־קינדער געלערנט און אַליין אויך דאָרט זיך מתבודד געווען און גאַנצענע נעכט אין תורה פאַרבראַכט. פרייטאָג האָט ער זיך אין טייך געטובלט אין ווינטער אפילו אין די גרעסטע פרעסט אין פּאָלאָנ־קעס. אויף יו"ט נאָר פלעגט ער קומען אַהיים מיט אַ וואָסערע 15 רובל שכר־לימוד און אַ מתנה — אַ ביסל פּראָוויזיע, אַ פודל אַרבעס, עטלעכע קעזלעך וכדומה. שפּעטער, אַז ער איז שוין געוואָרן אַ מפורסם פאַר אַ גרויסן למדן און אַ גרויסן בעל־תנ"ך, אַ מליץ אין העברעאיש, וואָס שרייבט אויך אויס דעם „המגיד", און דערצו נאָך אַ קענער אין פיין אָנשרייבן רוסישע און דייטשע אַדרעסן, האָט ער שוין באַקומען וואָסערע 30 רובל אַ זמן און מ'האָט זיך אומעטום געריסן פאַר אים.

מיט אַמאָל איז אים אָבער די פרוי אָפּגעשטאָרבן און געלאָזן אַפּולע יתומימלעך; ער האָט אפילו תיכף חתונה געהאַט מיט אַן אַנדער פרוי, די אַנ־

דערע פרוי האָט אויך כל־עבודת־פּרך געטאָן, גענייט, געלאַטעט, געפּליקט פעדערן, געמאָלקן קי, געזויגן פרעמדע קינדער, אָפּגעשפּאָרט עטלעכע רובל, אַ הייזל געקויפט און דאָרט שכנים געהאַלטן; ס'איז אָבער שוין געווען ניט גוט, ס'איז גרויס מחלוקת געווען מיט די שטיפקינדער צוליב העצעס פון פאַרשיידענע „בומקעס", אמתע און פרעמדע. די קינדער פון דער ערשטער פרוי זיינען צעשפּרייט געוואָרן און געוואַלגערט זיך אין דער פרעמד; די נייע קינדער פון דער צווייטער פרוי זיינען תמיד קראַנק געלעגן און ס'איז אים שוין דער לעבן ניט ניחא געווען. און מיט אַמאָל איז אים אָנגעקומען פּלוצלונג אַ בשורה, אַז דער בכור, וואָס ער האָט אַזוי ליב געהאַט, איז אַ חודש נאָך זיין חתונה דורך אַ סיבה געהרגעט געוואָרן. פון שרעק זיינען ביי אים אַלע ציינער פון מויל אַרויסגעפאַלן. אַ מלמד אָן ציינער קיינער האָט שוין ניט געוואָלט נעמען, האָט ער מיט דער פאַמיליע אַ פולע דחקות געליטן. ער האָט עס אָבער אַלץ פאַר אַ שטראָף פון גאָט אָנגענומען, און גענומען אויף זיך גלות אָפּצוריכטן.

פאַרברענגענדיק אויפן ישוב האָט ער געוואוסט, ווי מען נייטיקט זיך דאָרט אָפטמאָל אין אַ מזוזהלע, אין אַ סידורל, אין אַ פּעקל ציצית, האָט ער געליען געלט און פאַר עטלעכע גילדן די אַלע סחורות איינגעקויפט, און געגאַנגען פון ישוב צו ישוב מזכּה זיין די ישובניקעס מיט מזוזות, מיט ציצית, און וואו ער האָט געטאָגט, האָט ער ניט גענעכטיקט. דער וועג—פלעגט ער אַלע מאָל זאָגן—איז פול מיט סכּנותן און צעברעכט דעם מענטשן, צעברעכט זיין גאוה, צעברעכט זיין תאווה. ניט איינמאָל האָט מען אויף אים בייזע הינט אָנגערייצט, וועלכע האָבן אים געקענט צעררייסן, ניט איינמאָל האָט ער פאַרבלאָנדזעט און איינער אַליין אין וואַלד גענעכטיקט אין הונגער און מוראָ; אַמאָל האָבן אים שיכּורע גוים צום וואָגן צוגעבונדן און דעם פערד האַסטיק געטריבן, אַמאָל האָבן אים שקצים מיט שטיינער אפילו אַן אויג אַרויסגעשלאָגן, ער האָט אָבער אויף אַלעס ניט געקוקט און אַ גאַנץ יאָר גלות אָפּגעריכט, געגאַנגען אין פוסטע פעלדער און וועלדער און געזאָגט תהילים מיט גרויס געוויין. נאָר אויף פסח פלעגט ער אַהיים קומען און אויף יום־כּיפּור צום רבּן פאָרן.

אַזוי האָט ער אייניקע יאָר גלות אָפּגעריכט, ביז ער איז שוין אַלט און שוואַך געוואָרן. האָבן אים גוטע באַקאַנטע געראַטן זעצן זיך אין קלויז לערנען און מ'וועט אים חיונה בכבוד געבן, מ'האָט אים אויך בכבודיקע שטעלעס פאָרגעלייגט, ער האָט אָבער קיין זאַך ניט געוואָלט אָננעמען, איז איבער די הייזער געגאַנגען בעטן נדבות, גענעכטיקט אין קלויז, געשלאָפן אויף דער הוילער באַנק מיט אַ ציגל צוקאָפּן און זייער ווייניק, און גאַנצענע נעכט אין תפילות פאַרבראַכט, פריער אָפּגעריכט „תיקון חצות" מיט גרויס געוויין, געזאָגט תהילים מיט גרויס בכיות, דערנאָך געלערנט די פאַרשיידענע שיעורים משניות, זוהר, גמרא, מדרש, שו"ע, מוסר ספרים. ער האָט אויך קיין פלייש וויפיל יאָר ניט געגעסן, אפילו קיין פליישיקע זופּ ניט, נאָרגעווייקטע ברויט אין וואַסער איז געווען זיין גאַנצער מאכל.

אַז ער איז אַלט געוואָרן קרוב זיבעציק יאָר, האָט ער עפּעס אַ חיבורל געמאַכט אויף „הוצאות־הדרך" אין ארץ־ישראל און זיך געזעגנט מיט די קינ־דער. ביים געזעגענען זיך האָט ער פיל געוויינט און מיט אַ פאַרשטיקטן קול ביי ווייב און קינדער מחילה געבעטן און געזאָגט:

„איך וויים, איך וויים, אַז איך האָב אייך גענוג דעם לעבן פאַרביטערט; צוליב מיין איבער די הייזער גיין האָט איר צווישן מענטשן ניט געקענט קומען; איר האָט קיין לייטישן שידוך ניט געקענט טאָן, ניט איינמאָל האָבן מיר זיך וואו ס'איז באַגעגנט און מיר האָבן זיך מיט בלוט באַגאָסן; איך וויים אַלץ, איך וויים אָבער, דאָס איז ביי מיר און אפשר אויך פאַר אייך אַן עונש, אַן אָפּ־קומעניש געוועזן".

„מיין גאַנצן לעבן האָב איך געחלומט אין דעם הייליקן לאַנד צו קומען, אָבער אום דאָרט צו קומען, מוז מען אַליין אויך הייליק ווערן".

„און נאָך אַ מעשה וויל איך אייך דערציילן,—האָט ער ווייטער מיט נאָך אַן אומעטיקערן קול פאַרגעזעצט,—איר זאָלט וויסן, מיינע ליבע קינדער, אַז מיר שטאַמען פון אַ הויכער גזע, פון צדיקים און גרויסע רייכע לייט, האָט אָבער איינער פון אונזערע עלטערזיידעס שטאַרק פאַרזינדיקט, אַ גרויסער פרנס איז ער אין אַ שטאָט געוועזן, האָט ער אָ רב, אַ גרויסן צדיק אָנגעטראָטן, האָט אים דער צדיק פאַרשאָלטן, אַז זיינע קינדער און קינדס־קינדער זאָלן זיין טאַקע למדנים און ערלעכע יידן, אָבער דערצו אויך גרויסע אָרימע־לייט, כדי זיי זאָלן זיך מער גרויס ניט האַלטן".

„אויך מיין פאָטער ז"ל,—האָט ער טרויעריק געזאָגט,—האָט אַזאַ אָפּקו־מעניש אויף זיך גענומען. ער איז אַ גרויסער למדן און אַ גרויסער צדיק גע־וועזן, שטענדיק ביז נאָך האַלבן טאָג אין טלית און תפלין אין קלויז געזעסן און געלערנט און ניט גערעדט קיין דברי־חול און שבת—גאָר אויפן וואונק; דעם גאַנצן לעבן אַ בכבודיקער בעל־הבית געוועזן, און אַ פּאָר יאָר פאַרן טויט אין זיין אייגענער שטאָט איז ער איבער די הייזער געגאַנגען, אין קלויז גע־נעכטיקט און דאָרט אין קלויז אין טלית און תפלין לערנענדיק, ביים קאַפּיטל ע"ה פון תהילים געשטאָרבן.

„אויך איך, מיינע ליבע קינדערלעך, זאָג שוין צייט אייניקע חדשים דעם 70־סטן קאַפּיטל פון תהילים, ד"ה, אַז איך בין שוין אַלט 70 יאָר און ס'איז שוין צייט מסתמא אַהיים צו פאָרן".

מיט דעם האָט ער שטיל, אומעטיק געענדיקט, זיך צעקושט און צופוס קיין ארץ־ישראל אַוועק.

אין עטלעכע חדשים אַרום איז פון אים אַ בריוו פון ארץ־ישראל אָנ־געקומען. דאָרט, שרייבט ער מיט פייערדיקע מליצות אין העברעאיש, קריגט מען גאָר אַ נייע נשמה, דאָרט לערנט זיך און ס'דאַוונט זיך גאָר אַנדערש; דאָרטן האָט ער זיך אויך מתיר נדר געווען אויף בשר עוף צו עסן.

אין עטלעכע חדשים אַרום איז פון די גבאים פון מושב־זקנים אַ בריוו וועגן זיין פּטירה אָנגעקומען און אַז דער אָרט פון זיין קבר איז אויף הר־הזיתים.

---

## דער אַרכיטעקטאָר.

דער אַרכיטעקטאָר איז געווען אַ קליינער, אַ נידעריקער, מיט אַ גרויסן לויכטיקן שטערן, מיט אַ פּאָר שיינע גוטע אויגן, און אויף די ליפּן אַ שטענדיקער שמייכל.

ער האָט געשטאַמט פון אַ מיוחסדיקער פאַמיליע און געהאַט נאָך אין דער יוגנט אַ סמיכה, נאָר די תּורה פאַר אַ קרדום־להפור האָט ער ניט געוואָלט מאַכן, איז ער אַן אַרכיטעקטאָר געוואָרן.

מיט אַ מאַטעמאַטישן קאָפּ און אַ קינסטלעריש אויג האָט אים ג' געבענטשט, איז ער געזעסן בייטאָג און געמאַכט פּלאַנען, געבויט וואונדערבאַרע שיינע פּאַלאַצן, געמאָלט שיינע בילדער און גאַנצענע נעכט געזעסן און געלערנט.

אָפּטמאָל האָט מען אים געקענט זען שטייענדיק אפילו אויפן גאַס מאַכנדיק גאָר אַ פּלאַן, און אין אַ ווײַלע אַרום, ווערנדיק ליידיק שוין — פון טאַש די גמראלע אַרויסגענומען און מיט חשק געלערנט. און וואָס מער ער האָט געלערנט, אַלץ מער איז די התמדה און די אהבת־התורה ביי אים שטאַרקער געוואָרן.

ביי זיך אין שטוב האָט ער שטענדיק אַן אייגענעם „הכנסת־אורחים" געהאַט און ניט איינמאָל די לעצטע קישן פון צוקאָפּנס אַוועקגעגעבן. וויפיל גדולים האָט ער מיט אַלע הצטרכותן אויסגעהאַלטן און די שענסטע מלבושים נאָך זייער כּבוד התורה נאָך זיי אָנגעטאָן, און תּמיד געשטעלט זיך אפילו פאַרן קלענסטן ייִנגל, וואָס האָט נאָר אַביסל תּורה פאַרמאָגט. אויך זיינע קינדערשע מלמדים און רביים בלויז מיט גאָלדערנע רענדלעך געצאָלט.

און ווי גרויס ער איז געווען אין לערנען, אַז וויפיל מאָל „אביי" און „רבא" אין ש"ס געפינט זיך, האָט ער אויגנבליקלעך געקענט זאָגן; איז אָבער נאָך גרעסער זיין עניוות געווען; אין קלויז און בית־מדרש איז ער שטענדיק ל'עם טיר געשטאַנען און די אָרימע, די געדריקטע זיינען זיינע חברים געווען.

דער גרויסער „אַרכיטעקטאָר" האָט אויך זייער אַ גוט האַרץ פאַרמאָגט, און האָט ניט נאָר געלערנט די תּורה, נאָר אויך פּינקטלעך אַלץ מקיים געווען, וואָס אין איר שטייט געשריבן. ער האָט אַלע ביטערע אַלמנות און עלנטע יתומים אויפגעזוכט און זיי ווי אַ טאַטע געווען, אָרימע כלות האָט ער זייער אויסשטייער געמאַכט, און די גאַסיקע ווייבער ווינטער וואַרימע זאַכן געגייט.

אַזוי האָט דער גרויסער אַרכיטעקטאָר, דער פאָטער פון די אָרימע און געדריקטע זיך גליקלעך־איבערגליקלעך געלעבט: בייטאָג געמאַכט פּלאַנען, זיך

עוסק געווען אין צדקה, און גאַנצענע נעכט געזעסן און געלערנט, אויך אָפּט פאַרבראַכט מיט די גרעסטע אין לערנען.

אַז ס׳איז אָבער די מלחמה אָנגעקומען, זיינען זיינע פּלאַנען געוואָרן וואָס ווייניקער און ווייניקער, ביז זיי זיינען אינגאַנצן פאַרשוואונדן; די אָרימע און געדריקטע אָבער זיינען געוואָרן אַלץ מערער און מערער, און לערנען האָט ער שוין ניט געקאָנט און געבן האָט ער ניט געהאַט וואָס, — האָט עס זיין אייִדעלע האַרץ ניט אַריבערגעטראָגן און גיך געפּלאַצט.

---

# דער באַנקיר.

דער באַנקיר איז געווען אַ גרייזגרויער, אַ דיקער פולער ייד, געגאַנגען שטענדיק אין אַ לאַנגער קאַפּאָטע מיט אַ לאַנגן טלית־קטן, די מייטקעס אין די שטיוול, מיט אַ ברייט־ראַנדיקן קאַפּעליוש און דער פּנים מיטן שטערן האָבן ביי אים געלויכטן, אַזוי ווי ביים גרעסטן רב.

דער באַנקיר האָט געהאַט טאַקע אויף זיך אַ שאַרפן גאונישן קאָפּ און געקענט לערנען אפשר מער ווי אַ רב. און טאָג און נאַכט, ווען ער האָט נאָר געהאַט צייט פון זיינע גרויסע באַנק־געשעפטן, וואָס ער האָט געפירט אין ווילנע, קיעוו און פּעטערבורג, איז ער געזעסן און רק געלערנט.

דאַווענען האָט ער געדאַוונט אין דער אַלטער קלויז, און אַלעמאָל מיט גרויס בכיות. לעבן ארון־קודש איז געווען זיין מקום, און געגעבן האָט מען אים אַלע מאָל שלישי, אויב נאָר דער שטאָט־מגיד איז ניט געווען; שמחת־תורה איז שוין געווען זיין חזקה אויף חתן־בראשית, אַז קיינער האָט שוין אים ניט אפילו גאָר ניט אויסגעשטיגן. איינמאָל צופעליק האָט מען אים אַפילו יאָ אויסגעשטיגן און מ׳האָט דערפאַר געוואָלט אַוועקגעבן אים דעם חתן־תורה, האָט ער אָבער געענטפערט: „איך קען מער ניט זיין חתן־בראשית, ד״ה אָנהייבן די תורה, אָבער זיין חתן־תורה ד״ה ענדיקן די תורה בין איך אוודאי ניט בכוח״.

אין כלל־זאַכן האָט ער זיך ניט געמישט, נאָר געגעבן האָט ער אויף אַלץ און אַלעמען. ער פלעגט גאָר קיינמאָל ניט ציילן, נאָר אַרויסגענומען אַפולן הויפן פון קעשענע און געגעבן.

אינדערהיים איז ער געזעסן מיטן טייערן סיגאַר אין מויל, אויפגע־שטאַנען פאַרטאָג, געזעסן שפּעט אין דער נאַכט פאַרן סטאָציק און רק געלערנט. איז געווען קלאָר בבלי, ירושלמי, רמבם און „מנחת־חנוך״ כמעט אויסווייניק.

שיין איז געווען ביי אים אין שטוב דער שבת און יו״ט. אַרום טיש זיינען געזעסן פון איין זייט זיינע קינדער און אייניקלעך—דאָקטוירים, יוריסטן, און פון דער אנדער זייט—וויפיל פּרושים, גרויסע וואויללערנער: איינער אַ זקן אַ ראַ־גאָלער, געווען אַ גרויסער סוחר, געקענט כמעט גאַנץ ש״ס אויסווייניק, און

אַז ער איז געוואָרן אַ נשרף, האָט ער זיך געזעצט אין קלויז לערנען און דער באַנקיר האָט אים געגומען אויף קעסט; נאָך אַ פרוש אַן אַניקשטער, אַ הויכער, אַ שיינער מיט אַ פּאָר טיפע אויגן, אַ גרויסער דרשן, געזעסן אין קלויז און געלערנט און אויסגעוואַרט אַ רבנות; אַ דריטער אַ נאַוואַרעדקער—מיט אַ שאַרפן קאָפּ און אַ גרויסער הרוץ, אויך געוואַרט אויף רבנות. מ'איז געזעסן און פאַר־בראַכט אין תורה ביי אַ טיש פול מיט אַלערליי טייערע מאכלים און משקאות. דערווייל זיינען צוגעקומען נאָך גרויסע גבירים נכבדים גוט־יום־טוב ביטן און מ'רעדט ווייטער אַלץ מיט מער היץ און תענוג אין דער תורה. מיט אַמאָל גיבן זיך אַלע אַ שטעל פון זייערע ערטער מיט גרויס אימה: ס'איז אַריינגעקו־מען אַ גרויסער מפורסמדיקער גאון, וואָס האָט צוליב גרויס צדקות זיך אָנט־זאָגט פון רבנות; ער האָט מורא געהאַט טאָמער וועט ער דורכפאַלן מיט אַ שאלה פון כשר־טרייף, וועט ער דאָך טאָן אַ שאָדן אַן אָרימאַן, און טאָמער חו"ש פון טרייף־כשר, וועט ער דאָך מאכיל טרפות זיין, דערום האָט ער אַוועקגעלאָזן די רבנות און באַזעצט זיך אין ווילנע על התורה ועל העבודה. דער באַנקיר האָט אים פיל געשטיצט און ער פלעגט אָפט קומען צו אים פאַרברענגען אין לערנען.

און אַזוי פאַרברענגנדיק אין רעכטן ברען פון פילפול, פלעגט מען אים גאָר דערלאַנגען אַ דעפּעשע, פלעגט ער ווערן שוין גאָר פריילעך און הייסן ברענגען פון קעלער נאָך טייערע און בעסערע משקאות און עס פלעגט ווערן שמחה וששון.

אין די לעצטע יאָרן זיינען אים אָבער די געשעפטן אַוועק שלעכט; זיינע משרתים זיינען געוואָרן גרויסע באַנקירן און ער איז געוואָרן אַ יורד; די קינדער, די אייניקלעך זיינען געוואָרן צעשפּרייט, און ער איז געשטאָרבן איינזאַם און עלנט.

---

## דער מאַטעמאַטיקער.

דער מאַטעמאַטיקער איז געווען אַ הויכער, אַ שטאָלצער, מיט אַ ברייט־לעכן נאָז, מיט אַ קליין בערדל, פאַרשאָרן, אַזוי ווי בייטן צעאַקערט איבערן גאַנצן פנים, און זיין קאַפּעליושל איז ניט געווען תמיד אויפן געהעי־ריקן אָרט.

אַליין האָט ער געשטאַמט פון אַ געבילדעטער מאַגנאַטישער פאַמיליע און געקענט אַלע שבע חכמות, אויך תלמוד, פילאָסאָפיע און וויפיל שפראַכן; נאָר דער עיקר ספעציאַליטעט זיינע איז געווען מאַטעמאַטיק, אין איר האָט ער טיפע חיבורים פאַרפאַסט.

ער איז אַזוי געווען איבערגעגעבן דער מאַטעמאַטיק, אַז ער האָט זיך

אין דער בליענדיקער יוגנט מיט זיין פרוי צעשיידט, וואָרים צו וואָס האָט ער געדאַרפט אַ פרוי, אַז די מאַטעמאַטיק איז בײַ אים געווען טייערער ווי אַלץ אין דער וועלט: מיט איר האָט ער געטאָגט, מיט איר האָט ער גענעכטיקט, און פון דאַן אָן שוין טאַקע אַזוי פאַרבליבן אויף שטענדיק איינזאַם, עלנט.

די לעצטע צייט האָט ער שוין אפילו ניט אַזוי פיל געלערנט. ער איז גאָר געווען פאַרנומען פון דער פרי ביז שפּעט אין דער נאַכט מיט אָרימע עקסטערנער, (אָדער „האָלעדריגעס", ווי ער פלעגט זיי אָנרופן אין כּעס), מיט וועלכע ער פלעגט לערנען דאָס רוב גאָר אומזיסט, אָדער פאַר גראָשנס, אפילו אָרימע גימנאַזיע־לערער פלעגן אויסנוצן זיין גוטסקייט און לערנען בײַ אים לעקציעס פאַר גראָשנס און נעמען פאַר די זעלבע לעקציעס צענדליקער רובלס. נאָר אים האָט דאָס ניט געאַרט. ער איז אפילו געווען אַ כּעסן אין אָפּט זיך צעבייזערן אויף די „האָלעדריגעס", וואָס גזלענען אַוועק זיין צייט, ווען ער דאַרף גאָר מאַכן חיבורים; ער פלעגט זיי אָפּט טרייבן פון זיך, אָבער גלייך חרטה געהאַט, זיי איבערגעבעטן, רחמנות געקראָגן אויף זיי און געלערנט מיט זיי ווייטער.

אַליין איז ער געווען זייער אַ קאַרגער, אָפּגעקומען אַ טאָג מיט אַ סקאָרינקע; זיין גאַנצער חיות איז געווען שוואַרצע קאַווע, וועלכע ער פלעגט אַליין טרינקען אַ גאַנצן טאָג, און אויך זיינע עקסטערנע מכבד געווען. ער האָט אויך גערויכערט אָן אַ שיעור, און זיין גאַנצער צימער איז געווען פאַרשאָטן מיט קערט־לעך, פאַרשמעקט מיט רויך און קאַווע, אויך פאַרלייגט מיט ספרים אין אַלע שפּראַכן, וועלכע ער פלעגט ליב האָבן צו קויפן און זיי אַלעמען פאַרלייען.

זיין גאַנצער שפּאַציר איז געווען מיטן טשייניקל נאָך וואַסער אין טשיינע. צוליבן טומל פון זיינע עקסטערנע איז אים אויסגעקומען אַלע ווײַלע צו בייטן די דירות; דערום האָט מען אים אָפּט געטראָפן אַרומטראָגנדיק זיך מיט זיין גאַנצע מעבל און גוטס—מיט דעם טשעמאָדאַנטשיקל און מיט די פּעקלעך ספרים פון איין דירה אין דער אַנדערער.

זיין ענדע־ציל איז געווען פאָרן אין פּעטערבורג, אָדער אין היידלבערג דרוקן זיינע חיבורים און אפשר קריגן אפילו אַ קאַטעדרע אויף מאַטעמאַטיק, נאָר אַזוי ווי ער איז געווען אַ מענטש מיט זייער אַ גוט האַרץ, איז אים קיינ־מאָל ניט אויסגעקומען צו האָבן אויף הוצאות הדרך. זיין גאַנצן אייגנס פלעגט ער אָדער צעטיילן זיינע אָרימע עקסטערנע, אָדער זיינע אָרימע בעלי־בתּים, וואָרים זיינע דוואוינונגען האָט ער תּמיד אויסגעקליבן נאָר בײַ אָרימע.

אַזוי האָט ער זיך געלעבט ביז דער מלחמה, געלערנט מיט עקסטערנע און געחלומט וועגן פּעטערבורג.

אַז ס'איז אָבער אָנגעקומען די מלחמה און די „האָלעדריגעס" זיינען פאַר־שוואונדן, איז דער מאַטעמאַטיקער מיט זיינע חיבורים אויך נעלם געוואָרן עד היום הזה.

---

## דער אַפּטייקער.

דער אַפּטייקער איז געווען אַ הויכער זויבערער ייד, מיט אַן אַריסטאָ־קראַטיש־פּאַטריאַרכאַליש'ן פּנים.

פאַר דער מלחמה האָט ער אין אַ קליינשטעטל פון קאָוונער גובערניע אַן אַפּטייק געהאַלטן און זיך געצויגן חיונה בכבוד.

מיט דער ערשטער פּרוי האָט ער קיין קינדער ניט געהאַט. נאָר אַז זי איז געשטאָרבן, האָט ער נאָכאַמאָל מיט אַ יונגער פּרוי חתונה געהאַט, און זי האָט אים אַ יינגל אויף דער עלטער געבאָרן; האָט ער דעם יינגעלע ווי דאָס אויג פון קאָפּ געהאַלטן, און זיך גליקלעך, איבערגליקלעך געלעבט.

אינמיטן איז די מלחמה אויסגעבראָכן, האָט מען אין גרויסן גירוש אָן אים אויך ניט פאַרגעסן.

אין טומל אין יאוש האָט ער די ווייב גאָר אין וועג פאַרלאָרן, און איז אַליין מיטן יינגעלע אַ קראַנקער, אַ צעבראָכענער אין ווילנע געקומען.

אַלס היימלאָזער האָט ער פּיל־וויינִיק פון קאָמיטעט באַקומען, און אַלס זייער אַ פיינער ייד מיט אַ שיינער באָרד, איז ער אינגיכן אין אַ „שול־חברה" פאַר אַ גובה אויסגעקליבן געוואָרן, און דאָרט אים נעכטיקן געלאָזט.

אַזוי האָט ער זיך אַליין אַ ביסל איינגעלעבט, נאָך דער פּרוי שוין ווינ־ציקער געזיפצט און פאַרן קינד אַ פאָטער און אַ מוטער געוועזן.

און אַלע אינדערפרי האָט מען שוין געזען, ווי ער קוקט דעם יינגעלע אין די בלויע אייגעלעך אַריין, האַלדזט אים, קושט אים, גלעט זיינע קליינע הענטעלעך, דאַוונט און לערנט מיט אים, עסט און שלאָפט מיט אים.

אַז ס'איז אָנגעקומען די מוראדיקע אָקופּאַציע, איז דער קאָמיטעט פאַר־שוואונדן, אויך די חברה־לייט זיינען ניט געוואָרן; ס'איז ניט געווען ביי וועמען געלט צו מאָנען, איז ער אויס גובה געוואָרן, און ער מיטן יינגעלע האָבן ביסלעכווייז צו הונגערן אָנגעהויבן.

בעטן האָט ער זיך געשעמט, נאָר צוליב דעם בן־זקונימל מיט זיינע אומעטיקע בלויע אייגעלעך, פלעגט ער שוין צוגיין, מיט אַ פאַרקוועטשט האַרץ און פול טרערן אין די אויגן, דאָ צו דעם יידן כאַרשושקען אים אויפן אויער, דאָ צו אַן אַנדערן.

אינגיכן האָט מען זיך אָבער צו זיין שושקען צוגעוויינט, איז ער געזעסן מיטן יינגעלע און שטאַרק געהונגערט. האָט ער נאָר עפּעס געקראָגן, האָט ער דאָס גלייך זיין יינגעלע אַוועקגעטראָגן, זיין קליין הערצעלע אָפּצוחיהן, און אַליין אַלץ געהונגערט און געהונגערט ביז ער איז קראַנק געוואָרן.

הונגעריקערהייט האָט ער, דער אַפּטייקער און האַלבער דאָקטאָר, אַ שטיקל הייס וויקע־ברויט אַריינגעכאַפּט און אַ שטאַרקן שילשול געקראָגן.

אַ פאָר טעג איז ער, אין דרייען געבויגן, אַלע ווילע פון דריטן גאָרן

געלאָפֿן, און דער ייִנגלע נאָך אים. עפּעס האָט אים דאָס קליין הערצעלע אַזוי געקלעמט, אַז ער האָט דאַן דעם טאַטן שוין פֿון אויג ניט אָפּגעלאָזן.

אויפֿן דריטן טאָג האָט שוין דער גובה ניט גערעדט, ער האָט שוין גע־גוססט. דאָך האָט ער דעם ייִנגעלע אַלץ צום האַרצן געדריקט, געטוליעט און פֿון די פֿאַרמאַכטע אויגן זײַנען טייכן הייסע טרערן גערונען און צעמישט זיך מיט די טרערעלעך פֿון ייִנגעלע, וועלכער האָט געשריען מיט אַ דין קעלכעלע: „טאַטע! טאַטע!".

פֿאַר יציאת־נשמה האָט דער גובה פֿלוצלונג מיט אַ שרעקלעכער האַרצ־רייסנדער שטימע אַ געשריי געטאָן:

— מײַן קינד! מײַן יתומל!

און געשטאָרבן.

---

## דער מיוחס.

דער מיוחס איז געווען אַ הויכער, אַ שטאָלצער, מיט אַ פּאָר לאַנגע ברעמען און אַ שטרענגן בליק, אָבער מיט זייער אַן איידעל גוט האַרץ.

ער האָט געשטאַמט פֿון ווילנער גרעסטן יחוס, און פֿאַרמאָגט גרויסע כשרונות, אַ שאַרפֿע קאָפּ, אַ גרויסן זכרון, געקענט אַ סך לערנען און אַ סך שפּראַכן, אויך אַ זעלטענער מליץ אין העבֿרעאיש געווען, געזאָגט „הייזלען" אויף אויסווייניק, געגאַנגען אַריסטאָקראַטיש אָנגעטאָן, און איז געווען אַן אָרטאָ־דאָקס אַ קנאי, אויך אַ כּלל־טוער אין די רבנישע ספֿערן.

אָנגעזאַפּט פֿון זײַנע זיידעס און עלטערזיידעס וועגן דער גרויסקייט פֿון ירושלים דליטא, איז זײַן עובֿדא תּמיד געווען שטיין אויף דער וואַך, אָפּהיטן, דער כּבֿוד פֿון ווילנע זאָל חו״ש ניט פֿאַרשוועכט ווערן.

ווען למשל, מען פֿלעגט אַ רבֿ וועלן נעמען וכדומה, אָבער ניט נאָך ווילנער כּבֿוד נאָך, פֿלעגט ער זיך מוסר נפֿש זײַן, ברענען מיט פֿײַער און תּמיד אויספֿירן.

פֿריער איז ער געווען אַ גרויסער באַנקיר, נאָר אַז די געשעפֿטן זײַנען אים אַוועק שלעכט, איז ער אַ סרסור געוואָרן.

אין די גוטע יאָרן האָט ער אויסגעבויט אַ קלויז אין דער ענגער עכטער אַלטער געטאָ. וואו זײַנע גרויסע זיידעס און עלטערזיידעס האָבן געוואוינט, געלערנט, דאָרט אויך אַ קיבוץ פֿון וואויללערנער כּמעט אויפֿן אייגענעם חשבון אויסגעהאַלטן.

זייער שיין זײַנען דאַן געווען זײַנע שבתים, ווען אַרום גרויסן טיש זײַ־נען פֿלעגן זיך זיצן עטלעכע צענדליק וואויללערנער און ייִדישע סאָלדאַטן, און מ׳פֿלעגט פֿאַרברענגען אין תּורה און חכמה; אָבער נאָר שענער איז געווען

די שלש־סעודותן זיינע; דאַן פלעגן זיך צונויפקומען וויפיל גרויסע לומדים פון גאַנץ ווילנע און מ׳פלעגט פאַרברענגען אין תורה און חכמה, דערביי פלעגט אויך ניט פעלן דער שיינער יידישער געזאַנג פון די שבתדיקע זמירותן.

אַז ס׳איז אָבער אָנגעקומען די מלחמה, דערנאָך די אָקופּאַציע און קיין סרסוריי איז שוין ניט געווען, האָט ער בסתר גרויס דחקות געליטן; דאָך האָט ער זיין קלויז מיט די ווילנער ווי די אויג פון קאָפּ אָפּגעהיט. ער איז געקומען אַלע טאָג, אפילו קראַנקערהייט, אין זיין קלויז דאַוונען, און מיט זיינע ווילנער פאַרבראַכט, געטרייסט; שבת דאָרט אָפּט שיינע דרשות געהאַלטן, און אַ גאַנצע וואָך האָט מען אָפּט דעם גרייזגרויען אַלטן אין אַלע גאַסן ניט איינמאָל געטראָפן לויפנדיק, מיטן גאַנצן כוח געסאָפּעט, און די שיך זיינען געווען ניט אַזוי מהודרדיק, אַז ס׳האָט דאָס האַרץ פאַרקוועטשט; דאָס איז דאָס דער גרייזגרויער מיוחס ניט חו״ש פאַר זיך געלאָפן, נאָר פאַר זיינע ווילנער פאַר זיינע אָרימע און געפאַלענע בעלי־בתים געלאָפן, פאַר זיי שטיצע קריגן.

פון גרויס דחקות איז ער אָבער סוף־כל־סוף קראַנק געוואָרן און געשטאָרבן.

---

## דער מלמד.

דער מלמד האָט געשטאַמט פון אַ ווילנער אַלטער משפחה; זיינע זיידעס האָבן געהאַט אַ חזקה צו זאָגן פרייטאָג צונאַכט אין קלויז יסו״ד אַ גאַנצע נאַכט מדרש פאַרן עולם.

יונגערהייט האָט ער אַ סך געלערנט און איז געווען אַ מוסמך, נאָר אַז ס׳האָט זיך קיין רבנות ניט געמאַכט, איז ער געוואָרן אַ מלמד.

אין ווילנע איז דאָ אַ פולע מלמדים און יעדערער האָט זיך זיין ספּעציאַליטעט: אויף א״ב, אויף עברי, אויף תנ״ך, אויף גמרא. און ער איז געווען דער גרעסטער פון זיי; ביי אים האָבן געלערנט די אויסדערוויילטע.

ער האָט אויך געהאַט אַ מאָדנעם כוח איינצופלאַנצן השק ביי זיינע תלמידים; אפילו גימנאזיסטן, סטודענטן פלעגן קומען צו אים אינדערפרי און שפּעט אין אָוונט לערנען.

ער איז אויך געווען אַ גרויסער מתמיד, קיינמאָל ליידיק ניט געזעסן, רק געלערנט; ער איז געווען בקי אין בבלי, ירושלמי, מדרשים, געווען אויך אַ גרויסער מליץ, געשריבן קונציק נוסחאות פון מצבות — אפשר אַ העלפט פון די שיינע נוסחאות אויפן נייעם בית־עולם איז זיין אַרבעט; תנ״ך האָט ער

געקענט זאָגן אפילו צוריק אויף אויסווייניק; ער איז געווען אויך אַ גרויסער בריה אויף אַלע שווערע פיוטים.

דער מלמד איז געווען נאָענט מיט אַלע גרעסטע פון זיין צייט און האָט אַליין אויך געשריבן פיינע חיבורים און מאמרים אין די צייטשריפטן; דער עיקר עובדא זיינע איז אָבער געווען מלמדות; די מלמדות האָט ער גע־האַלטן פאַר אַ הויכער זאַך צו ערציען דעם יונגן דור און ער האָט עס האָלט געהאַט מיטן גאַנצן לעבן.

אין מלחמה־צייט האָט ער שטאַרק געליטן און פון גרויס דחקות איז ער קראַנק געוואָרן, און קראַנקערהייט, ליגנדיק אין בעט אפילו, האָט ער אויך אַלץ געלערנט מיט זיינע צאן־קדשים ביזן לעצטן אָטעם פון זיין לעבן.

---

## דער סופר.

אַמאָל איז געווען אין ווילנע אַ פולע סופרים, אין מלחמה־צייט זיינען זיי אַ סך ווינציקער געוואָרן.

זיי האָבן זיך כמעט אַלע געפונען אויפן שולהויף, אין צענטער פון יידישקייט; וואו אַ פענסטער, דאָרט אַ סופר, און אויף די שויבן איז געווען אָנגעשריבן מיט גרויסע ווערטער: „ס ו פ ר סת״ם, פ ה נ מ כ ר י ם ט ל י ת י ם צ י צ י ת״, ד״ה דאָ געפינט זיך אַ סופר, וואָס שרייבט ספרי־תורות, תפלין, מזוזות, און פאַרקויפט טליתים מכל המינים, וואָלענע, זיידענע, ציצית, שופרות וכדומה.

יעדער סופר האָט זיך געהאַט זיין ספעציאַליטעט; געווען איינער, וואָס האָט געשריבן זעלטן שיין פרשיות פון מזוזות און תפלין; נאָך איינער, וואָס האָט קונציק געשליפן די בתים מעור אחד, אַז ס׳האָט געשפיגלט, און דער וואָס האָט זיינע געשליפענע תפלין געהאַט, האָט זיך ממש געגרייסט דערמיט.

נאָך איינער איז געווען אַן „אומן־יד״, וואָס האָט אויך געקענט אויסקינצ־לען וואונדערבאַר־שיינע שער־בלעטער צו פנקסים, טאַפלען, מזרחים, יאָר־צייטן מיט כלערליי לייבעלעך, הירשעלעך מיט עכטע פנימער און כלערליי שיינע ציורים; און אַז גרויסע קינסטלער האָבן זיין אַרבעט דערזעען, זיינען זיי נתפעל געוואָרן און געזאָגט, אַז דאָס האַרץ טוט זיי וויי, וואָס ער איז אַ סופר און ניט קיין קינסטלער.

נאָך איינער איז געווען אַ קינסטלער צו שרייבן ספרי־תורות, און מיט אים האָט אַ וועלט געקלונגען, אַז ר׳ מאָנטעפיאָרע אַליין האָט זיך פון לאָנדאָן צו אים געווענדט און געבעטן אים שרייבן פאַר אים אַ קליינע ספר־תורהלע אויף קלף צבי; דער איז שוין לאַנג־לאַנג געשטאָרבן.

אין נאָך גאָר ניט לאַנג איז געווען אַ סופר, דער גרעסטער אין ווילנע אויף צו שרייבן ספרי־תורות; וואָרים שרייבן ספרי־תורות איז איינע פון די שווערסטע זאַכן. גאָר אַמאָל האָבן געשריבן ספרי־תורות גרויסע צדיקים, וועל־כע פלעגן צו יעדער שם זיך טובל זיין; עד היום איז נאָך דאָ אַזוינע ספרי־תורות, זיי זיינען אָבער גרויסע יקרי־המציאות.

דער סופר איז געווען אַ הויכער מיט אַ אויסגעדאַרט־פאַרמעטנעם פנים, און מיט אַ קרענקלעכן אויסזען.

ער האָט געשטאַמט פון אַ משפחה כופרים: זיין זיידע, זיין פאָטער, זיינע ברידער זיינען אַלע געווען סופרים; ביי זיי איז די ספר־תורה־שרייבעריי געווען אַ ירושה־זאַך.

דער ספר־תורה־שרייבער איז געווען אַ למדן, זייער אַן ערליכער ייד און אַ פיינער בעל־תפילה; ער פלעגט דאַוונען שבתים און ימים נוראים אין גאונס קלויז פאַרן עמוד; ער איז געגאַנגען אַלע טאָג טבילה, און איז געווען אין ווילנער גרויסער שול אַ בקביעותדיקער, פלעגט אָפּהיטן אַלע פאַרטאָג דעם „שומרים־לבקר", און דאָרט שטענדיק געדאַוונט מיט גרויס דבקות, ביינאַכט געלערנט אין וויפיל חברות, און אַ גאַנצן טאָג האָט מען אים געזען זיצנדיק אין זיין יאַרמלקע איינגעבויגן איבער די יריעות און געשריבן די ספרי־תורות בקדושה וטהרה, און ווער ס'האָט געדאַרפט אַ שיינע ספר־תורה שרייבן אין ווילנע און אויסער ווילנע, פון אומעטום פלעגט מען שוין קומען צו אים, צום גרעסטן סופר פון ווילנע.

אַזוי האָט זיך אָפּגעלעבט דער סופר ביז דער אָקופּאַציע אין נחת און כבוד און אין הייליקייט פון שרייבן די תורה און לערנען די תורה.

אַז ס'איז אָבער אָנגעקומען די אָקופּאַציע און אויף שרייבן ספרי־תורות זיינען שוין ניט געווען קיין בעלנים, איז ער געבליבן אָן חיונה און אויסגע־גאַנגען פון דחקות.

---

## די שטאָט־שמשים.

אַמאָל איז געווען אין ווילנע אַ פולע שמשים, צווישן זיי גאָר גרויסע לייט. איצט זיינען זיי שוין אַ סך ווינציקער.

יעדער שמש, פון גרעסטן ביזן קלענסטן, האָט זיך געהאַט זיין עובדא מיט זיינע הכנסות און אַלץ מיט חזקות פון דורות.

דער איז געווען אַ ממונה אויף די שליסלען, געעפנט און פאַרשלאָסן די שול, געביטן די פאַרשיידענע פרוכתן אַלע יומא־דפגרא, אַלעמען מיטן קהלשן שמעקטאַבאַק מכבד געווען; דער האָט געצונדן ליכט, אַכטונג געגעבן אויף די פאָלישן, געמאַכט דאָרט מנינים און געטיילט אַלע מאָנטאָג און דאָ־

נערשטאָג אַלעמען עליות, געדענקט אַלעמען מיטן נאָמען און פאָטערס נאָמען, געשריען אַלע שבת אינדערפרי אין די יידישע הויפן מיט אַ מאָדנעם ניגון: „אין שול אַריין!״ און אַז ער איז געשטאָרבן, איז דער רופן אינגאַנצן בטל געוואָרן; נאָך איינער האָט אָפּגעהיט אַלע אינדערפרי דעם ותיקין אין „שבעה קרואים״, געקלאַפּט פרייטאָג פאַרנאַכט אַ שעה פאַר דער שקיעה מיט זיין היל־צערנעם האַמער אין די טויערן פון אַלע יידישע גאַסן, און אויך געשריען 10 מינוט פאַר דער שקיעה—אָנזאָגן, אַז דער שבת קומט אָן, געווען אויך דער ממונה אויף דער קהלשער חופה מיט די שיינע דרענגלעך און געגאַנגען אויף אַלע בריתן און חתונות; אַ פערטער איז געווען אַ וואָכעדיקער חזן, וואָס האָט אָפּגעהיט צוזאַמען מיט די עשרה בטלנים אינדערפרי דעם „שמור לבקר״, דעם תהילים־זאָגן, געדאַוונט פאַרן עמוד און געזאָגט אַלע טאָג דעם שיר־היחוד.

צו זיי זיינען נאָך געווען צוויי הויפּט שמשים. איינער איז געווען אַ הויכער, אַ דאַרער מיט אַ פּאַטריאַרכאַלישן פּנים און אַ לאַנגער ווייסער באָרד; אין דער יוגנט געלערנט שחיטה ביי זיין פאָטער,—איז אָבער געווען אַ רך־לבֿ, האָט ער זיך אַנטזאַגט פון שחיטה און זייענדיק אַ גרויסער מליץ מיט אַ פיינעם כּתב, איז ער געוואָרן גאָר אַ שרייבער און דערנאָך אַ שמש אין ווילנער גרוי־סער שול. זיין וואוינונג איז געווען אויף יידישע גאַס לעבן שולהויף. איז ער זיך געזעסן אַ גאַנצן טאָג אין שטוב און שטיל זיך געשאָקלט איבער דער גמרא; מער ניט אינדערפרי געגאַנגען דאַוונען אין שול, און ביינאַכט אויף תּנאימס, אויף חתונות, און ווער ס׳האָט געדאַרפט אַ שיינעם מליצהדיקן נוסח אויף אַ מצבה, אויף אַ טאָפּל אָדער אַ שלישית איינלייגן, פלעגט מען שוין קומען צו אים. די איבעריקע צייט איז ער אַלץ געזעסן און געלערנט, לא פסק פומא מגירסא און אַזוי לערנענדיק געשטאָרבן.

דער צווייטער הויפּט־שמש איז געווען נאָך אַ גרעסערער למדן; ער איז געווען אַ זעלטענער אַ שיינער, אַ הויכער, אַ ברייטער און מיט זיין פריש־גע־זונט פּנים האָט ער עפּעס אויסגעזעען כּמעט ביז די לעצטע טעג פון זיין לעבן ווי אַ שמשון הגבור. ער איז געווען אַ מוסמך נאָך פון גאון ר׳ בצלאל און איז געזעסן וויפל צענדליק יאָרן אין פּרישות, געלערנט און געוואַרט אויף רבנות. אַז ס׳האָט זיך אים קיין רבנות ניט געמאַכט, איז ער געוואָרן גאָר אַ חזן, ג׳ האָט אים געבענטשט מיט זייער אַ שיינעם קול און געקענט זייער פיין דאַוונען.

פריער איז ער געווען חזן אין וויפל שטעט—אין אָשמינע, שעדלעץ, פעטערבורג; אין ווילנע איז ער אָנגעקומען נאָך קופּערן; אַז מ׳איז געבליבן ימים־נוראים אָן אַ חזן, האָט מען אים אויסגעשריבן פאַר אַ ש״ץ אויף ימים־נוראים. ער האָט אָבער אַזוי שטאַרק אויסגענומען, אַז מ׳האָט אים שוין ניט אָפּגעלאָזן און איז געבליבן חזן שני און שטאָט־שמש.

זייער שיין איז ער געווען פרייטאָג־צונאַכט, בשעת ער פלעגט זיך אויס־

פוצן מיט זיין הויכן צעלענדער, מיט זיין לאַנגער זופיצע; ער האָט דאַמבאָלסט מיט זיין הדרת פנים די שול פאַרשיינט.

נאָך שענער איז געווען, בשעת ער פלעגט מיט זיין זיסער שטים און מיט זיינע דינע טרעלן זיך פאַרגיין עכט סקאַרבאָוועדיק מיטן גאַנצן יידישן חן אין אַ „ושמרו בני ישראל את השבת", אין אַ „צור ישראל", אָדער אַז ער פלעגט זאָגן די יוצרות פון די נאָך־יום־טובדיקע שבתים, מיטן מעלאַנכאָלישן פיינזינגערס שטייגער.

אָבער גאָר זעלטן שיין איז ער געווען אויף אַ יידישער שמחה, ווי אַ סיום הש"ס, אַ ברית, און איבערהויפּט אויף אַ חתונה, וואָס דאָרט האָט ער שוין געהאַט זיין הויפּט־עובדא, זיין בקביעותדיקע מצווה—חתן וכלה צו משמח זיין. דאַן פלעגט ער מאַכן אַ „קדושא רבא" און מיט אַ שטראַלנדיקן פנים, פול מיט שמחה, פלעגט ער זינגען מיט זיין זיסן קול פאַרשיידענע ימים־נוראים־דיקע ניגונים, שמחת־תורהדיקע האָפּקעס, אויך פאַרשיידענע פאָלקס־און חסידי־שע ניגונים, אַז ס'איז טאַקע געווען ממש ששון ושמחה.

אַזוי האָט זיך אָפּגעלעבט דער ווילנער שטאָט־שמש זיינע קרוב אַכציק יאָר.

אין מלחמה־צייט איז ער פלוצלונג בלינד געוואָרן. ער האָט זיך זייער מצער געווען, וואָס ער קען שוין ניט ימים־נוראים דאַווענען פאַרן עמוד און פון גרויס צער טאַקע סאַמע פאַר ראש־השנה געשטאָרבן.

---

## דער משגיח פון די עירובין.

דער משגיח פון די עירובין איז געווען אַ קליינינקער, אַ דאַרינקער יידעלע מיט אַ קליין בערדל, אַ לעבעדיקער, קיינמאָל ניט גערעדט שטיל, נאָר תמיד געשריען אויף זיין הייזעריקן קולכל.

אין די יונגע יאָרן איז ער געווען אַ שניידער, אַ פּראָסטער ייד אפילו, אָבער זייער אַ פרומער; האָט זייער ליב געהאַט די תורה און אירע לער־נער, אפילו נייען האָט ער אויך ליב געהאַט, נאָר פאַר רבנים און לומדים.

דערווייל אַזוי איז ער באַקאַנט געוואָרן מיט די ווילנער גרעסטע רבנים; זיי האָבן אים ליב געקראָגן, און ער איז ביים עלטסטן פון זיי אַ משרת געוואָרן, אויך די איבעריקע רבנים באַדינט.

דער עלטסטער רב איז געווען דער ממונה אויף די מקוואות, עירובין א. אַז. וו. און ער איז דאָס ביי אים געווען דער משגיח, אַכטונגגעגעבן, טאָ־מער האָט זיך וואו עס איז דער עירוב איבערגעריסן וכדומה.

אָפּזייענדיק ביים רב וויפיל צענדליק יאָרן, האָט ער זיך דאָס אַלץ

גוט אויסגעלערנט, אַז מ׳האָט זיך שוין אויף אים אַליין אין אַלץ פאַרלאָזן, און תּמיד האָט מען געזעען דעם משגיח פון די עירובין לויפנדיק, איבערגעגעבן מיט לייב און לעבן זיין שליחות, פאַרמאַטערט, פאַרשמייעט, דאָ טראָגנדיק אַ יעט, אַ דראָנג, אַ לחיים, דאָ אַ פּעקל דראָט,—אין אָקופּאַציע צייט—אַ פּעקל שטריק, וואָרים די דייטשן האָבן פאַרווערט דראָט, דאָ אויפרופנדיק אַן אספה וועגן כשרות, אַלע פרייטאָג קלעפּנדיק צעטלעך, אין וועלכע גאַסן מען מעג טראָגן און אין וועלכע מ׳טאָר ניט, אַלע יום־טוב קלעפּנדיק צעטלען מיט די דינים, כּדי דער עולם זאָל וויסן ווי זיך נוהג צו זיין. איבערהויפּט האָט ער געהאַט אַ פולע אַרבעט אין מלחמה־צייט; אַלע וויילע אסיפות פון רבנים וועגן נייע גזרות, אַלע וויילע קלעפּן צעטלען וועגן גזרות, תּעניתים, און זאָגן תּהילים אין די קלויזן וכדומה.

אַזוי האָט זיך דער משגיח אָפּגעהאָרעוועט זיין גאַנצן לעבן, אַ גאַנצע וואָך אַרומגעלאָפן וועגן אסיפות, עירובין, מקוואות, און געקליבן נחת, אַז מ׳האָט אים געזאָגט, אַז ער ווייס שוין די אַלע דינים פון עירובין בעסער ווי אַנדערע רבנים און אויך דערפון, וואָס ער האָט דעם כּבוד צו זיין נאָענט מיט די גרעסטע לייט.

ער האָט אויך געקליבן נחת פון שבת, פון זיין זינגען בהרחבתדיק דעם קאַפּיטל למנצח אין קברנישער שול; (אויפן אשרי־תמימי־דרך האָט געהאַט אַ חזקה פון וויפיל יאָרן אַן אַנדער ייד, א שוסטער, וועלכער האָט עס געזאָגט מיט אַזאַ מאָדנעם האַרציקן ניגון און אַ הויכן קול, אַז ס׳האָט זיך אפילו אויך אויפן שולהויף יעדער וואָרט דייטלעך געהערט; ער איז אויך אין מלחמה־צייט פון הונגער געשטאָרבן), נאָר דער למנצח איז דאָס שוין געווען דעם משגיח פון די עירובינ׳ס חזקה.

און אַזוי האָט זיך דער משגיח פון די עירובין אָפּגעלעבט זיין גאַנצן לעבן ביז דער אָקופּאַציע אין כּבוד און גדולה, אָנגעגרייט תּכריכים פון גוטע לייוונט, אַ מקום מיט אַ שיינער מצבה, פאַרשריבן זיך אין אייניקע חברות, מ׳זאָל זאָגן נאָך זיין טויט קדיש, אויך צו זיין יאָרצייט א. אַז. וו.

אַז ס׳איז אָבער אָנגעקומען די אָקופּאַציע, און די רבנים אַליין האָבן אויך שטאַרק געהונגערט, איז ער פון הונגער שוין גאָר קראַנק געוואָרן.

און אָפּט האָט מען אים געזעען, זיצנדיק אויף די טרעפּלעך פון דער אַלטער קלויז טיף קרעכצנדיק אויף זיינע יסורים, און שטאַרק מתרעם זייענדיק זיך אויף שטאָט, וואָס האָט זיך גאָר פאַרגעסן אָן איר אַלטן טרייען משגיח פון די עירובין.

לאַנג איז אים אָבער ניט אויסגעקומען זיך צו מתרעם׳ זיין: דער טויט האָט אַלע זיינע תּרעומות גיך פאַרענטפערט.

---

## דער עלטסטער מורה=הוראה.

דער עלטסטער מורה=הוראה איז געווען אַ גרייז=גרויער, אַ הויכער, אַ דאַרער, מיט אַ הייליק=געטלעך פּנים.

אין דער גאַנצער וועלט איז ער געווען מפורסם פאַר אַ גאון און אַ צדיק תמים, און אין גאַנץ שטאָט האָבן אַלע דערמאָנט זיין נאָמען תמיד מיט גרויס כבוד און ליבשאַפט.

ער האָט געהאַט אפילו אַ ברודער, אַן עלטערער פון אים, און נאָך אַ גרעסערער גאון פון אים, נאָר יענער איז יונג געשטאָרבן, איז ער געבליבן דער עלסטער מורה=הוראה אין ווילנע.

אין ווילנע איז דאָ אַ פולע רבנים, און יעדער הויפט=רב האָט זיך זיין עובדא: ביי דעם — דין תורה'ס, ברירהס שלישיתן; ביי דעם — כלל=ענינים, און ביי אים האָבן זיך קאָנצענטרירט די רעליגיעזע ענינים. ער איז געווען דער ממונה אויף די מקוואות, עירובין, גטין; צו אים איז מען געקומען פון גאַנץ שטאָט מיט שאלות פון כשר און טרייף; צו אים פלעגן אויך אָנקומען שאלות ותשובות פון דער גאַנצער וועלט פון די גרעסטע רבנים און קהלות; עס פלעגן קומען צו אים אויך פרושים, בחורים פון אַלע ישיבות, און קיבוצים נאָך סמיכה, און פיל זיינען געקומען גאָר בעטן אַ ברכה צו פרנסה, צו קינדער, וכדומה.

און דער אַלטיטשקער גאון איז זיך צענדליקער יארן אָפּגעזעסן אויף זיין צעבראָכענער קאַנאַפּקע אין גיטקע טויבעס זאַוואולאָק, אין אַן אַלטער חורבה=דיקער דירה; אַנטקעגן טיר איז ער געזעסן, קיינעם לאַנג וואַרטן ניט געלאָזן, און אַלעמען גלייך געענטפערט.

ער פלעגט כמעט ערגעץ גיט גיין, מער ניט ווי דאַוונען אין ר' שאולקעס קלויז אָדער אין קברנישער שול, און דאָרט תמיד לעם טיר אין אַ ווינקעלע געשטאַנען, מיטן פּנים צום וואַנט און מיט גרויס דביקות געדאַוונט. וויפיל שעה פלעגט דויערן זיין דאַוונען! מען פלעגט אים אויך אָפט טרעפן 9—10 ביינאַכט ווינטער אין די גרעסטע פרעסט אין ווילנער פאָלוש מעריב דאַוונענדיק, און נאָכן דאַוונען שוין ווייטער אויף זיין אַלטער קאַנאַפּקע מיט דער געגנזענער פעדער אין האַנט, און געשריבן זיינע סמיכות, זיינע חיבורים, זיינע תשובות. אַזוי האָט ער אָפּגעשריבן צענדליקער יאָרן און זייער אָפט ווינטערדיקע גאַנ=צענע נעכט ביזן גרויסן טאָג אַריין.

פאַרשריבן זיינען אפילו אויך די גליונות פון זיינע אַלע ספרים אין זיין גרויסער ביבליאָטעק; ער האָט הגהות אויף זיי געמאַכט, און אומעטום קען מען דאָרט לייענען זיין דיקן לענגלעכן כתב.

ער איז געווען די צירונג פון ווילנע; זי האָט זיך מיט אים געגרייסט; איז געקומען ד"ר הערצל, האָט מען דעם גרויסן גאון מכבד געווען מקבל=פנים זיין דעם גרויסן מנהיג מיט זיין ברכת=כהן, ווארים ער איז אויך אַ כהן געווען. און אַז ס'איז דורכגעפאָרן דער קיסר ניקאָלאַי, האָט מען אים אויך

געשיקט דעם גרויזאַמען הערשער אַ ספר־תּורה דערלאַנגען, זיין צאָרן צו שטילן.

דריי נעכט האָט אַפילו דער גרויסער צדיק ניט געשלאָפן פון גרויס פּחד פאַרן גרויזאַמען קיסר, אָבער ניט ווייניקער פּחד האָט אויך דער בלוטיקער הערשער פון קישינעוו געהאַט, אַז ער האָט דערזעען דעם הייליקן פּנים פון גרויסן צדיק, אָנגעטאָן אין זיינע טייערע מלבושים, אין אַ נייער אַטלעסענער זופּיצע, מיט אַ נייער שטריימעלע; ווי אַ מלאך אלקים האָט ער דאַן אויסגעזעען, און אַ פּחד איז דעם קיסר באַפאַלן: אַ גאַנצן וועג פאָרנדיק האָט ער דעם ווילנער גובערנאַטאָר אַלץ געפרעגט: „ווער איז ער, דער הייליקער? וואָס איז זיין אַרבעט?".

שיין איז געווען, אַז מ'האָט אים צו דער תּורה אויפגערופן, און לויט זיין מנהג האָט ער דאַן מיט זיין שיינעם דביקותדיקן קול אַליין אין דער תּורה געלייענט.

שיין זיינען אויך געווען זיינע שבתים, מיט זיינע יום־טובים, וועלכע ער פלעגט מיט אַ באַזונדער התלהבות מקבל זיין. — זיין פּנים האָט דעמאָלט געשטראַלט פון גרויס שמחה; זיינע איידימס די רבנים, אויך פיל פון די גרויסע לייט פון ווילנע פלעגן אים קומען גוט יום־טוב ביטן, און מען פלעגט אַ גאַנצן טאָג פאַרברענגען אין תּורה; ער פלעגט אויך דאַן בשעת חדווה, זינגען מאָדנע שיינע ניגונים, וועלכע ער האָט מקבל געווען בירושה פון זיינע זיידעס און עלטערזיידעס.

אַזוי האָט זיך אָפּגעלעבט דער ווילנער עלטסטער מורה־הוראה זיינע פינף און זיבעציק יאָר, אפילו אין נויט און דחקות, אָבער עטלעכע גוטע איידימס און אַ זון אין ווילנע רבנים געלאָזן.

אין ווילנע איז דאָ נאָך אַפּולע רבנים, צווישן זיי גאָר גרויסע, וואָס זייער נאָמען קלינגט אין דער גאַנצער וועלט.

אָבער אַזאַ צדיק־תּמים ווי ער, איז אין ווילנע ניט פאַרבליבן;



# בילדער פון שרעקליכע טעג.

## די וואונדער=קינדער.

דער גרויזאַמער הונגער אין יאָר 1917 אין ווילנע האָט קיינעם ניט דורכגעלאָזט; אַלע האָבן געזוכט מיטלען, געראַנגלט זיך מיטן הונגער=טויט. פון די אַלע מיטלען און ראַנגלענישן זיינען אויך וואונדער=קינדער אויסגעוואַקסען. אַ פּאָר פון זיי, וויל איך דאָ פאַרצייכענען.

אויף יידישער גאַס אויף אַ פערטן גאָרן וואוינט אַ רב, אַ פרומער ייד, אַ גרויסער למדן, אַ רבי אין וויפילע חברות, אָבער אַ בעל=מטופל מיט קליינע קינדערלעך ווי בעבעלעך, — זיצן זיי אַלע און פייניקן זיך פון דחקות און נויט.

נאָך אין אַ גאַס זיצט אַ פרומער ייד אַ שמש, אויף מלחמה געווען, די לעצטע קישנס פאַרזעצט און אַן אייגענעם „שינעל" אָן שעטנז גענייט, ניט גע=געסן פון קעסל און געהונגערט. קומענדיק פון מלחמה אַהיים, ווידער געהונגערט ער און די גאַנצע פאַמיליע.

אויפן שולהויף אין אַ קלויז זיינען געזעסן פיל בחורים, אַנטרונענע, אַרויסגעטריבענע פון וויפיל שטעט און געגנטן, גרויסע וואויללערנער, אידע=אַליסטן, וואָס זיינען זיך מוסר=נפש פאַר דער תורה, דעם ווילנער בית=עולם אַן אייגענע שורה פון 17 הונגער=קרבנות געשענקט, די איבערגעבליבענע דאָך ווייטער געהונגערט, און ווידער 18 שעה אין מעת=לעת געלערנט.

די אַלע הונגעריקע האָבן זיך צוזאַמענגערעדט, די בחורים זיינען דאָס געווען אונטערנעמער און אַ שבת פון וואונדער=קינדער צוגעגרייט.

דער רבי האָט געהאַט אַ קליין ייִנגעלע מיט אַ שיין קולכעלע, און גע=קענט „חזנות"; דער שמש האָט געהאַט אַ קליין ייִנגעלע מיט אַ שיין קולכעלע, און געקענט „קריאה"; ווען ניט דער הונגער, וואָלטן זיי זיך אפשר ביי דער גמרא אויסגעזונגען און יוצא, אָבער דער הונגער...

און אויפן שולהויף האָבן זיך אַמאָל דאָנערשטאָג 1917 באַוויזן גרויסע מודעות מיט גרויכע ווערטער, אַז עס וועט אַ שבת פון וואונדער=קינדער זיין: איינער וועט דאַוונען, דער אַנדערער וועט לייענען, די געלט וועט גיין לטובת דעם „קיבוץ פון וואויללערנער".

פרייטאָג־צונאַכט, אין דער צייט, וואָס אין דאָס רויב קלויזן, אַזוי ווי אין די הייזער, איז דאַן געווען חושך־פינסטער, מ׳האָט מיטן דאַוונען זיך אונטער־געאַיילט, אין דער פינסטער אויף די וויקע־ברויט „קידוש״ געמאַכט, און אין דער פינסטער תיכף שלאָפן געגאַנגען, — איז דאָ אין קלויז אַ מחיה־נפשות גע־ווען, שיין, ליכטיק! עס האָט זיך געפילט דער עונג־שבת, דער טעם גן־עדן, און אַלע וואַרטן אויפן חזן מיט אומגעדולד.

מיט אַמאָל — אַ קליין ייִנגעלע פון אַ יאָר 10, זעט אויס ווי פון פינף, שטעלט זיך אויף אַ בענקעלע, מיט אַ קליין טליתל און א קליין יאַרמעלקע, אַ הונגעריקער, אַ בלאַסינקער, נאָר מיט אַ פּאָר שוואַרצע טיפע גלאַנציקע איי־געלעך, וועלכע פינקלען און קוקן ווייט—ווייט...

דער קליינינקער שטערנדל קנייטשט זיך פון מחשבות, און פון קליינינקען מיילכעלע קייקלען זיך פערלדיקע ווערטער, פול מיט זיסע געזאַנגען און טיפע רעיונות פון השתפכות הנפש, פון באַגייסטערונג. דאָס ייִנגעלע איז אינגאַנצן פאַרגאַפּט, פאַרזונקען אין זיינע געדאַנקען, און דער גאַנצער עולם שטייט מיט אָפענע מיילער באַצויבערט, פאַרוואונדערט, פאַרקוקט אויף אים, כּול מיט התפעלות.

אין גאַס האָט שוין לאַנג די גאַנצע לבנה אַרויסגעשיינט, און דער חזנדל דאַוונט נאָך, און וואָס מער ער דאַוונט, אַלץ מיט מער מאַגנעט, מיט מער צויבער ציט ער די הערצער, ציט ער די נשמות, אַז ס׳דוכט זיך גאָר עפּעס ווי אַ הימליש געזאַנג פון אַ קליין מלאכל...

אויף מאָרגן דער „שחרית״—שוין ניט אַזוי, עס האָט געפעלט עפּעס דער צויבער, דער גלאַנץ, דערפאַר אָבער איז געווען מאָדנע שיין די „קריאה״ פון אַנדערן וואונדער־קינד; מ׳האָט דאַן ערשט אָנגעהויבן פילן די זיסע טענער, די מתיקותדיקע קלאַנגען פון די נגינות, פון די טעמים.

און אַז ס׳איז געקומען צו דער „הפטרה״, האָבן אַלע נאָז און אויערן אָנגעשטעלט, ס׳איז געוואָרן שטיל, און דער זיסער קולכל פון קליינעם בעל־קריאהלע מיטן קליינעם טליתל און יאַרמעלקע האָט זיך פונאַנדערגעגאָסן איבער דער גאַנצער שול און אַרומגענומען דעם עולם מיט געפילן פון התפעלות.

צו „מוסף״ איז דער „חזנדל״ ווידער צו זיך געקומען, און אָוועקגעגעבן אַ „מוסף״ מיט כלערליי שטייגערס, טרעלן פון טיפסטער באַגייסטערונג און מתיקות ביז כלות הנפש...

דער עולם איז געווען אויסער זיך פאַר התפעלות, און האָט געשריען אין איין קול „דאָס זיינען טאַקע וואונדער־קינדער!״.

און די וואונדער־קינדערלעך זיצן נאָך עד־היום ערגעץ־וואו ביים רבּ׳ן און ביים שמש און ליידן נויט און הונגער!.

---

## חנה מיט אירע זיבן קינדער.

צום ערשטן מאָל האָב איך חנהן דערזעען איינמאָל שבת זיצנדיק אויפן שול־הויף אויף די טרעפּלעך פון גאונס קלויז; אויף איר'ע הענט האָט זי געהאַלטן א יאָריק קינד דאַר ווי אַ שטרוי, וואָס האָט געטשאַמקעט איר דאַרע ברוסט; הינטער איר איז געשטאַנען איר מאַן און אַ מחנה קינדערלעך, אַלע הויט און ביינער מיט בלאָע פּנימלעך, מיט אויסגעשטאַרצעטע אומעטיקע אויגעלעך און אויסגעצויגענע נעזעלעך.

זיי זיינען אַלע געשטאַנען שטילערהייט, נאָר חנה האָט געשריען ווי ניט מיט איר קול!.

— זעט מיין אומגליק! אין שטוב האָב איך שוין מער ניט געקענט איינזיצן, צוזעען ווי זיי גייען אויס פאַר מיינע אויגן, בין איך אויפן גאַס אַרויס, אפשר וועט ווער רחמנות האָבן.

— גיט אַ שטיקעלע ברויט! ראַטעוועט אונז פון טויט!.

— זעט נאָך זיינע דאַרע הענטעלעך! זעט, ווי דאָס קינד זויגט מיין בלוט!.

און שטראָמען טרערן האָבן זיך געגאָסן פון אירע אויגן, אַז ס'האָט פאַרנומען ביים האַרצן און אַלע האָבן מיטגעוויינט.

דערווייל האָט מען זיי אַ פּאָר כזיתן ברויט געבראַכט, ביי די איינוואוינער פון יידישע גאַס האָט מען מער ניט געקענט געפינען, און די קינדערלעך זיינען דעם ביסן ברויט ווי הונגעריקע וועלפעלעך באַפאַלן.

פאַר דער מלחמה פלעגט חנה טראָגן געבעק אין רייכע הייזער, און דער מאַן איז געווען אַ סטאָליער, האָבן זיי זיך געלעבט בעל־הבתיש; אינמיטן איז אָבער אָנגעקומען די מלחמה, דערנאָך די אַכזריותדיקע אָקופּאַציע, און פאַר חנהן זיינען זייער פינסטערע טעג אָנגעקומען; די סטאָלערריי האָט אין גאַנצן אויפגעהערט, אויך די געבעק איז שוין לאַנג פאַרשוואונדן, אַז מ'האָט שוין אפילו זייערע נעמען פאַרגעסן; בעטן האָבן זיי זיך געשעמט, האָבן זיי פריער די שטוב־זאַכן אויספאַרקויפט, און אַז ס'איז שוין ניט געווען וואָס צו פאַרקויפן, איז מען געזעסן און געהונגערט.

דערווייל האָט מען דעם מאַן אַלס ליידיקגייער גאָר אויף צוואַנג־אַרבעט פון שטוב אַוועקגעשלעפּט, איז זי דאָ מיט די קינדערלעך אויסגעגאַנגען פון הונגער און קעלט, און ער דאָרט ערגעץ־וואו אין דעם וויסטעניש זיך געמאַטערט פון הונגער און פיין.

אַז די אָקופּאַנטן האָבן שוין ווי פיאַווקעס דעם גאַנצן מאַרך און בלוט פון איר מאַן אויסגעזויגן, האָבן זיי אים אָפּגעלאָזן. שוואַך און קראַנק, נאַקעט און באָרוועס איז ער אַהיים געקומען; אפילו די הילצערנע שיך זייערע האָבן זיי ביי אים פון די פיס אַראָפּגענומען, זיינען זיי אַלע צוזאַמען געזעסן און געהונגערט, געהונגערט טעג און וואָכן, ביז וואַנעט דער הונגער האָט זיי אויפן גאַס אַרויסגעטריבן.

אין אַ צייט אַרום האָב איך אין קברנישע שול צווישן די איבעריקע אָרימעלייט חנהס מאַן נאָכאַמאָל באַגעגנט; ער איז נאָך בלאַסער און דאַרער געוואָרן, הויט און ביינער. אויך חנהן האָב איך נאָכאַמאָל אָנגעטראָפן זיצנ־דיק אין גאַס, אָבער זי האָט שוין מער ניט געשריען, ניט געליאַרעמט, שוין מער קיין כּוח ניט געהאַט; איז זי געזעסן שטיל, געקוקט אומעטיק, פאַרצאָגט.

אויך איר מחנה קינדערלעך איז עפּעס קלענער געוואָרן, מער ווי דריי האָט זיך שוין ניט געזעען; די איבעריקע פיר זיינען פון הונגער געשטאָרבן!.

# פון נאָוויגאָראָד.

נאָוויגאָראָד איז דער ווינקל פון ווילנער דלות, דער טאָל פון געדריקטע און פאַרוואָגלטע, דער אינזל פון בלוט און טרערן. דאָס איז עס געווען אַלע מאָל, אַפילו בעת אין ווילנע איז אַלץ געגאַנגען כּשורה. ווי זעט אָבער נאָוויגאָ־ראָד אויס איצטער, אין אָקופּאַציע־צייט, ווען גאַנץ ווילנע איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ שטילן בית־עולם און ס׳בלאָנקען זיך אַרום מער ניט שאָטנס פון מענטשן? און איך בין אַוועק אַהינצו.

## די מיידעלעך.

עס שטייט אַ קופּקע מענטשן, און אין דער מיט — אַ קליין מיידעלע, די הענט פאַרבראָכן ווי אַ גרויסע, מיט אַ רחמנות־פּנימל, וויינט ביטער און רעדט מיט טרערן:

— וואָס וועלן איצט עסן מיינע קליינע שוועסטערלעך און די קראַנקע מוטער?

און אירע אייגעלעך האָבן אַראָפּגעקוקט אויף די שערבלעך פון אַ ליימענעם טאָפּ מיט די צעגאָסענע וויקע־זופּ. און גלייך זיינען אָנגעלאָפן פּיצע־לעך קינדערלעך, מיט באָרוועסע פיסלעך און צעריסענע הייזלעך, מיט אויסגע־דאַרטע פּנימלעך, פאַרהונגערטע, פאַרחלשטע און האָבן גענומען מיט חשק, אַזוי ווי פייגעלעך, קלייבן אַ קערנדל נאָך אַ קערנדל, און די מיידעלע יאָמערט און וויינט, אַז עס רייסט אויס דאָס האַרץ. פון קופּקעלע איז צונויפגעזאַמלט גע־וואָרן עטלעכע פעניגן, דאָס האָבן די נאָוויגאָראָדער אפשר דאָס לעצטע אַוועק־געגעבן, און די מיידעלע איז אַוועק וויינענדיקערהייט..

## די מתים.

ווייטער אַביסל שטייען עטלעכע אַלטע ווייבער, ברעכן מיט די הענט און ריידן שטיל, מיט אַראָפּגעלאָזענע קעפּ.

אַ ייד איז געלעגן עלנט, איינער אַליין. ניט מ׳האָט געוואוסט, ווען ער איז קראַנק געוואָרן, ניט מ׳האָט געוואוסט, ווען ער איז געשטאָרבן; שוין גע־

וויס פיר טעג ווי ער ליגט אויפן בעט אַזוי ווי אַיינגעשלאָפן, ניט אָפּגעהייבן, ניט קיין ליכט, ניט קיין תהילים-זאָגער...

געווען פריער אַ בעל-הבית מיט אַ ווייב און קינדער, מיט אַ שטוב און אַ שפּאַן; צום סוף די קינדער אויף מלחמה פאַרטריבן, דעם שפּאַן רעקווירט, די ווייב פון צער געשטאָרבן, און אַליין אויף דער עלטער אַ בעטלער געוואָרן; איינגעוויקלט אין שמאַטעס איז ער אויף זאַוואַלנע גאַס געשטאַנען, אָנגעשפּאַרט אָן אַ וואַנט, און שטום ווי די וואַנט. בעטן האָט ער זיך געשעמט, איז ער אַזוי געשטאַנען, ביז ער איז געשוואָלן געוואָרן און געשטאָרבן, און ליגט איצט נעבעך ווי אַ געפּגרטע בהמה, — זאָל דער וואָס אין הימל ניט שטראָפן פאַר די רייד!...

און דאָרטן האַלט מען שוין בכיון אַ קינד פון זונטאָג אָן, ביז מיטוואָך האַלט מען דאָס, כדי דעם צעטל ברויט פאַר אים צו באַקומען, דערנאָך ערשט מקבר זיין. אַזאַ שיין קינד, אַזוי טייער געהאַלטן, אַזוי ליב געהאַט, געלערנט און געכאָוועט, און זיי זיינען אויך פריער פיינע בעלי-בתים געווען, געפירט געשעפטן, גמסחורט און צום סוף... זאָל ער נאָר זיי ניט שטראָפן...

— געוויס וועט ער זיי ניט שטראָפן, — רופט זיך אָפּ די צווייטע, — עס וועט דאָך דערווייל פאַר די איבעריקע נפשותליעך מיט אַביסן ברויט מערער זיין; די ווייבער האָבן זיך פונאַנדערגעוויינט...

## די מלחמה.

ווייטער אַביסעלע הער איך, ווי פון אַן איינגעפאַלענער שטיבעלע שרייט מען; קינדערשע און עלטערע שטימען מישן זיך צוזאַמען, געשרייען פון טרערן מיט בייזע קללות און תחנונים רייסן זיך אַרויס ביינאַנד. איבער אַ כזית וויקע-ברויט ראַנגלט זיך אַ מוטער מיט קינדערלעך. די פּנימלעך זיינען רויט, די אייגעלעך גלאַנצן פון כעס און הונגער. די מוטער האָט גובר געווען, וואַרפט דעם ביסן ברויט אין מויל אַריין, און שרייט מיט אַ פולן מויל:

— אכזרים! גזלנים! איר האָט גאָר קיין רחמנות ניט אויף אייער אייגענע מאַמען! איר וועט דאָך דאָרט אין קינדערהיים עפּעס קריגן, און איך שוין אַ טאָג מיט אַ נאַכט ניט געגעסן און דאָס קינד ציט, און ציט בייסט די דאַרע ברוסט...

## די דייטשלעך.

נאָך אַ ביסעלע ווייטער שטייען אַ פּאָר אויסגעדאַרטע יידענעס מיט בלויע ליפּן און שוואַרצע אויגן, פאַרדאַגהטע, פאַרחושכטע, און טענהן: — פון די וויקע-זופּ — זאָגט איינע מיט אַ תחינות-ניגון, — ווערט דער בויך אָנגעבלאָזן, פול, די קאָפּ שיכור, דול, און דער מאָגן ווייס גאָר ניט, פון וואָס צו זאָגן,

אין די אויגן איז פינסטער, און די האַרץ איז פוסט, און צייט זעכציק מאָל אין אַ שעה, און פיר און צוואַנציק מאָל זעכציק אין אַ מעת=לעת, ציט אַזש צום חלשן...

— אָט יענער איז גוט, ביי איר אין שטיבעלע איז ריין, אויסגעשאָטן מיט זאַמד, די מיידעלע אויסגעפוצט, און דער דייטשל ברענגט מכל טוב...

— איך בין איר גאָר ניט מקנא, — זאָגט די אַנדערע, — דער טאַטע אויף מלחמה, די קינדער אויף צוואַנג=אַרבעט, האָבן נעבעך גענוג געהונגערט און געהונגערט, האָט זיי דער אייבערשטער צוגעשיקט, און ער קומט און רעדט; רעדט ער — פאַרשטייען זיי ניט, ריידן זיי — פאַרשטייט ער ניט, אַבי אָבער ער קומט אַלע זונטאָג און ברענגט, אַז עס קלעקט אויף אַ גאַנצע וואָך.

— אַזאַ גליק, — דערציילט זי ווייטער, — האָט אויך דאָ געטראָפן די צוויי ברידערלעך: די צוויי ברידערלעך זיינען געווען איינער פינף יאָר, דער אַנדערער זיבן יאָר; זיי זיינען געווען לעבעדיקע יתומים, דער פאָטער אויף מלחמה און די מוטער אַ געוועזענע בעל=הביתטע, איז נעבעך אין די רעכטע פרעסטלעך באָרוועסערהייט אַנטלאָפן, אין אַ קליין שטעטל אַנטרונען געוואָרן, ניט קענענדיק מער צוזען דעם צער פון די קליינע קינדערלעך, וועלכע זיינען אויסגעגאַנגען פאַר אירע אויגן.

די קינדערלעך זיינען דאַן וויינענדיקערהייט אַוועק צום זיידן. דער זיידע, אַ קראַנקער, אַ געליימטער אין שכנות ביי איינעם אין אַ קאַמערל, איז אַליין אויך אויסגעגאַנגען פון הונגער. דערזעענדיק די אייניקלעך, האָט ער זיך פונ=אַנדערגעוויינט, און זיי אין קלויז געשיקט, אפשר וועט ווער דאָרט אויף זיי רחמנות האָבן; האָבן זיך די קינדערלעך ווידער גענומען פאַר די הענטלעך, און געגאַנגען ווייטער וויינענדיקערהייט אין די צעריסענע שיכעלעך, אָן מאַנטעלעך, ציטערנדיק פון קעלט, און חלשנדיק פון הונגער, אין קלויז אַריין, געזעצט זיך דאָרט אויף אַ באַנק, ווי צו בעטן האָבן זיי גאָרניט געוואוסט, און אַנטקעגן האָט דעמאָלסט קיינער ניט געטראָגן, בעטער איז אָן זיי אויך געווען אַריבער און אַריבער, זיינען זיי געזעסן און ווייטער געהונגערט. דער קלענערער האָט געוויינט, האָט אים דער עלטערער איינגענומען אַזוי ווי אַ מוטער מיט גוטע רייד, און אַליין אַרויס אויפן גאַס. דערזעען די באַקעלעך, האָט ער זיך שוין מער ניט געקענט איינהאַלטן, און שטילינקערהייט אַראָפּגעכאַפּט איינע און געבראַכט דעם ברודערל.

נעכטיקן האָבן זיי גענעכטיקט, וואו ס'האָט זיך געמאַכט — היינט אין דער קלויז, מאָרגן אין אַן אַנדער קלויז.

מיט דער צייט האָט ער זיך אפילו אויסגעלערנט בעטן, און די ערשטע צייט טאַקע געמאַכט היבשע פעניגן. אַז מ'האָט דערזען עפּעס ווי אַ קינד פירט נאָך אַ קינד, ביידע מיט קלוגינקע אייגעלעך, וועלכע קוקן אַרויס פון אויס=געמאַגערטע פנימלעך, און שטעלן אויס דאַרע הענטלעך — האָט זיך דערוועקט

ביי אַלעמען דער רחמנות, און מ׳האָט זיי גערן געגעבן. פאַר די געלט האָט ער שוין געדונגען אַ נאַכטלעגער, אויף דעם זיידן אָפּט געבראַכט פעניגן.

אינגיכן אָבער האָט מען זיך צו־זיי צוגעווינט. עס זיינען דערווייל אויך צוגעקומען נייענקע, נאָך אַ פּאָר טוץ אַזוינע און מ׳האָט זיי אויפגעהערט צו געבן. דאַן האָט ער ווידער אָנגעהויבן כאַפּן: די באַבקע־הענדלערקעס האָבן אפילו אַ פּאָר מאָל ביים האַנט אים געכאַפּט, נאָר אויף אים עפּעס רחמנות באַקומען, און מער ניט ווי אָנגעשריען; אַגב איז דער כאַפּן דאַן געווען גאָר אַ געוויינטלעכע זאַך, די הונגעריקע פלעגן אַראָפּכאַפּן אַ באַבקעלע און אַנטלויפן, און די אָרימע הענדלערקעס פלעגן זיי נעבעך מיטפילן, און אָפּט מאַכן זיך אפילו ניט וויסנדיק.

מאַכט זיך איינמאָל, אַז עפּעס אַ דייטשל האָט באַמערקט, ווי דער ייִנגעלע האָט אַרויסגעכאַפּט, האָט ער אים נאָכגעשפּירט איין טאָג, נאָך אַ טאָג זעענדיק, ווי ער גיט אַלץ אַוועק דעם ברודערל מיט אַזאַ רחמנות און ליבשאַפט, האָט עס אים גענומען ביים האַרצן, און זיי געקויפט שיכעלעך מיט מאַנטעלעך, געפירט אין מרחץ און אין אַ קינדערהיים זיי אַריינגעבראַכט.

— פון דאַן אָן, דערציילט מיר די ערשטע, — האָב איך זיי שוין מער ניט געזעען אַרומבלאָנקענדיק ווי בלודנע שעפּסעלעך, זיי זיינען שוין באַזאָרגט מיט עסן און לערנען און זיינען גליקלעך!

— מסתמא איז דאָס געווען גאָר פאַרשטעלטע דייטשלעך! רופט זיך אָפּ די אַנדערע.

---

# לְוָיוֹת.

אַ לאַנגע צייט האָב איך געוואוינט לעם זאַרעטשער בריק, דורך וועלכן מען פירט די מתים צום בית־עולם.

לויטן דין האָב איך די מתים מלווה געווען, אָבער נאָר פון ווייטן געגאַנגען. מחמת גזרה פון די דייטשן.

לוויות איז דאַן געווען אַ סך. כמעט אַלע רגע פלעגט מען פירן מתים פון הונגער, מתים פון מגפות, אויף בית־עולם־עגלות, אויף קאַרעטקעס פון פּאַסאַזשירן, אויף קאַרעס פון משא, וויפיל מתים צוזאַמען.

איינמאָל האָב איך באַגעגנט אַ לוויה גאָר אָן מלווים, פרעג איך דעם פירער, ווער איז דער מת?

— צוויי מתים פיר איך, — ענטפערט ער, — אַן אַלמנה מיט איר זון.

די אַלמנה איז געווען האַלב־משוגע און האָט געהאַט אַ זון אויך האַלב משוגע.

זיי האָבן זיך געשפייזט פון קלייבן נדבות. דער זון האָט געבעטן נדבות אין מאַנסבילשער שול פון גמש״א און די מוטער אין עזרת־נשים. און שטענדיק נאָכן דאַווענען, גייענדיק אַ היים און מאַכנדיק דעם חשבון פון די נדבות, פלעגן

זיי זיך קריגן, שרייען, און די קינדער פלעגן זיך מיט זיי רייצן און רופן „משוגעים".

זייער דירה איז געווען אויף יידישער גאַס אין ר' לייב-לייזערס הויף, ער-געץ אין אַ שטאַל לעם מיסטקאַסטן, אָן אַ טיש אָן אַ באַנק, געוואַלגערט זיך אויפן פּאָדלאָגע און אַזוי געלעבט ביז דער אָקופּאַציע.

אַז ס'איז געקומען די אָקופּאַציע מיט אירע מוראדיקע שרעק און גרויסע צרות, האָבן אויך בעלי-בתים זיך געמאַטערט פון הונגער און געציטערט פון קעלט. זיי האָבן געהונגערט טעג, געהונגערט וואָכן ביז דער הונגער האָט זיי אײַנגאַנצן דערשלאָגן. פריער האָבן זיי זיך נאָך אפילו געשעמט און געבעטן גוטע מענטשן בסוד אויפן אויער אויפקלייבן פאַר זיי אַ ביסל געלט, נאָר אַז די גוטע זיינען געוואָרן שלעכטע, האָבן זיי שוין פון נויט אַליין אַ האַנט אויסגעשטרעקט.

דאַן איז פאַר די שטענדיקע אָרימעלייט, פאַר די אָרימעלייט פון אַ גאַנץ יאָר, אָנגעקומען זייער ביטערע צייטן; אויף זיי האָט מען גאָר ניט אַכטונג געגעבן און מיט זיי זיך נאָך אומברחמנותדיק באַגאַנגען.

אַלע אָרימעלייט האָבן דאַמאָלסט געהונגערט, געשוואָלן געוואָרן און גיך געשטאָרבן, ביז וואַנעט עס איז פון זיי גאָר ווינציק געבליבן. זיי זיינען גע-שטאָרבן אין די קלויזן, געלעגן אויף די גאַסן, מ'האָט זיי אויך געפונען אין די בתי-כסאות; אויך די אלמנה מיטן זון האָבן לאַנג געהונגערט, געהונגערט בייטאָג, געהונגערט ביינאַכט, ביז דער זון איז קראַנק געוואָרן. פלעגט די אלמנה גיין אין יידישע גאַס ווײנען מיט טרערן און בעטן אין דער שטיל: גיט אַ באַבקעלע פאַר מיין גוססן זון, ער גייט אויס פון הונגער.

די אָרימע ווייבער, די באַבקע-הענדלערקעס, וואָס פלעגן אַליין אויך לייד הונגער, פלעגן דאָך רחמנות האָבן און געבן פאַרן זון. די אלמנה אַליין אָבער האָט געהונגערט און געהונגערט, ביז וואַנעט זי איז אויך קראַנק געוואָרן. זיינען זיי שוין ביידע געלעגן געשוואָלן פון הונגער און פאַרפראָרן פון קעלט, און קיינער האָט ניט געפרעגט, קיינער האָט ניט געקוקט, ווייל די שכנים פון ר' לייב-לייזערס הויף האָבן אויך ניט געהאַט קיין ברויט צום עסן און קיין האָלץ צום הייצן, צום סוף האָט מען צופעליק געפונען די אלמנה נאָך גוססנדיק.

און דאַן, אַ רגע פאַר יציאת-נשמה, האָט זי זיך פלוצלונג מיטן גאַנצן גוף באַוועגט, מיט די לעצטע כוחות צום זון צוגעפויזעט און גע-קושט, געהאַלזט, דעם קערפּער פון איר זון, ביי וועלכן די פינגער פון די הענט און די פינגער פון די פיס זיינען שוין לאַנג פון מויזישע ציין צעגרי-זשעט געווען...

---

נאָך אַ לוויה האָב איך באַגעגנט.

נאָכן ארון פון ווייטן איז געגאַנגען אַ פרוי און אויף אירע הענט אַ לויכטיק שיין קינד, נאָר דאַר ווי אַ שטרוי, הויט און ביינער. אַרום איר אפּולע ווייבער גייען און וויינען און זאַמלען נדבות.

— ווער איז די טויטע? פרעג איך ביי דער לעצטער פרוי.

— אַ שוסטערס אַ פרוי. איר מאַן האָט מען צוגענומען אויף מלחמה. זי איז דאַן געווען מעוברת און האָט געבאָרן אַ טאָכטער. דאָס איז עס דאָס שיינע לויכטיקע קינד.

פון הונגער און נויט האָט די מוטער פריער אַלע שטוב־זאַכן פאַרקויפט. אַז זי האָט שוין אַלץ אויספאַרקויפט, האָט זי אָנגעהויבן צו גיין מיטן קינד אויף די הענט פון חברה צו חברה, פון אַנשטאַלט צו אַנשטאַלט בעטן הילף, בעטן שטיצע, נאָר די שטיצע האָט ניט געקלעקט, און האָט זיך אַלץ געמאַטערט פון הונגער, דחקות און נויט. באַלד איז זי גאָר קראַנק געוואָרן און האָט זיך געלייגט צו בעט, האָט זי שוין דערוויילע די וויניקע שטיצע אויך ניט באַקומען; איז זי געלעגן מיטן קינד הונגעריק און דאָרשטיק, און האָט געקרעכצט און געוויינט.

איר וואוינונג איז געווען אין אַ שמוציקן פאַרלאָזענעם הויף. דער בעל־הבית איז אַנטלאָפן מיט די רוסן, אויך די שכנים זיינען זיך צעלאָפן איינע נאָך די אַנדערע פאַר מוראָ פון „דעזינפעקציע”. איז מער ניט געבליבן ווי זי מיט אַן אַלטער אלמנה, וואָס גייט איבער די הייזער.

די אלמנה האָט זייער רחמנות געהאַט אויף דער אָרימער פרוי און געטיילט איר ברויט און האָלץ, מיטן קינד זיך געשפּילט, אויך איר אַליין געטרייסט.

פּלוצלונג איז אַרויס אַ גזרה: אַלע אָרימעלייט אין תפיסה אַריינזעצן און אַוועקשיקן מחוץ למחנה. האָט מען די אלמנה אויך אַריינגעזעצט אין תפיסה. איז געזעסן די אלמנה און האָט געוויינט, נאָר ניט אויף איר אייגענעם גורל האָט זי געוויינט, נאָר אויפן גורל פון דער קראַנקער פרוי מיטן הונגעריקן קינד.

די קראַנקע האָט געוואַרט אַ טאָג, געוואַרט צוויי טעג, געקרעכצט און דאָס קינד האָט געזויגן און געוויינט.

קיין מילך איז שוין אין ברוסט לאַנג ניטאָ, קיין בלוט אויך ניט!

האָט דאָס קינד געשריען און געוויינט, ביז וואַנעט מענטשן האָבן דער־הערט, זיינען זיי זיך צונויפגעלאָפן און געפונען, אַז דאָס קינד זויגט די ברוסט פון איר טויטער מוטער!...



ווילנע 1918.

# ווילנער קלויזן,

# די יידישע גאס

# און דער שול-הויף.

פון חייקל לונסקי.



פארלאג פון דעם פאראיין פון די יידישע ליטעראטן און זשורנאליסטן אין ווילנע.

תרפ — ווילנע—1920



דער שול־הויף. נעצייכנט פון ב. צוקער־מאַן.

# ווילנער קלויזן, די יידישע גאַס*) און דער שול־הויף.

(פריהער און אין דער מלחמה־צייט).

אין ווילנא זיינען פאַרהאַן מעהר ווי הונדערט קלויזען. יעדע בראַנזשע האָט זיך איהר קלויז, למשל: קלויז פון איינבינדער, בעלי־עגלות, בראָנזשניקעס, בלעכער, גלעזער, גאַלאַנטעריי־קרעמער, דרוקער, האָלץ־וענער, היטעל־קירזנער, פוטער־קירזנער, וואַסער־טרעגער, ווייסע בעקער, שוואַרצע בעקער, טאַנדעטניקעס, טאָקאַרעס, כלי־זמרים, לעדער־אַרבייטער, מאַליאַרעס, סטאָליאַרעס, פישער, פעל־קרעמער, קוימענקערער, קצבים, קרעמער־בע"ב, קרעמער אָנגעשטעלטע, שוסטער, שניידער־מייסטער, שניידער־פאָדמייסטער, שמוקלער (די חברה איז זעהר אַן אַלטע), שטעפער וכדומה *).

יעדע קלויז האָט זיך גבאים און פערשיידענע חברות מיט בעזונדערע גבאים, אויך רביים צו די חברות, למשל: חברה מקרא, חיי־אדם, עין יעקב, משניות, ש"ס, אויך אַ מגיד אויף שבת־דרשות, וועלכע ווערען געזאָגט: ווינטער — פרייטאָג־צונאַכט, אָדער שבת־צו־נאַכט, און זומער — שבת אין דער פריה, תיכף נאָכ'ן דאַווענען, אָדער בייטאָג; יעדע קלויז לויט איהר מנהג.

פאַרהאַן קליינע קלייזעלעך, וואָס האַלט אויך אויס דריי, פיר רביים, — אויף מקרא בעזונדער, משניות בעזונדער, ש"ס בעזונדער און אויף שבת־דרשות אויך בעזונדער; יעדער רבי איז אַ ספּעציאַליסט אין זיין אַרט.

יעדע קלויז האַלט אויך אויס אַ וואויל־לערנער אַ בחור, וואָס הייסט „ישיבה־בחור", אָדער אַ בעל־הבית'ל, וואָס הייסט „פּרוש".

אין גרעסטען טייל קלויזען געפינען זיך אויך גמילות־חסדים מיט בעזונדערע גבאים, וועלכע פערוואַלטען מיט זיי; אַנדערע גמחי"ם, ווי דבורה אסתר, ר' זיינוויל, פערמאָגען אַ קאַפּיטאַל פון אַ סך טויזענטער.

די קלויזען טראָגן פערשיידענע נעמען. איינינע פון זיי רופען זיך נאָך די נעמען פון די גרויסע פערזענליכקייטען, וועלכע האָבען אין זיי געדאַווענט, געלערנט,

---

*) אויך די זעמשער האָבען געהאַט געלט אויף אַ קלויז מיט אַ גמ"ח, נור מחמת דער שווערער מלחמה־צייט האָבען ווי גענומען די געלט פונאַנדערטיילען צווישען זייערע נויטבעדערפטיגע מיטגלידער.

מיטן נאָמען יידישע גאַס רופט מען זי נאָך פון יאָר 1572. אין יאָר 1593 האָט זיגמונד דער דריטער ערלויבט יידן פרוי צו באַזעצען זיך אין ווילנע און קויפען הייזער. אין יאָר 1633 האָט וולאַדיסלאַוו דער פערטער ערלויבט צו בויען אַ מרחץ, יאַטקעס, אַן אייגענעם בית־עלמין א. אַ. וו. אין יאָר 1635 האָבען די תלמידים פון די יעזואיטישע שולן באַפאַלן די יידישע גאַסן און געמאַכט אַ פּאָגראָם, באַרויבט די קהל'שע קאַסע און די צירונג פון 18 ספרי־תורות. די קאָמיסיע, וואָס האָט אויסגעפאָרשט דעם פּאָגראָם, האָט דאַן געהייסן מאַכן טויערן צום געטאָ. דאָס געטאָ איז באַשטאַנען פון יידישע גאַס ביז דייטשע אין גלעזער־גאַס, פון איין זייט יאַטקעווער גאַס אַנטקעגן די קריסטליכע יאַטקעס און גיטקע־טויבעס זאַווולאָק ביז'ן קלויסטער. אין יאַטקעווער גאַס געפינען זיך די קלויזן פון טאַנדעטניקעס, קאַפּעלושניקעס' איצט גאַלאַנטערי־קרעמער, אין קירזנער; דאָרט אין גלחס הויף (איצט וואַניקס) האָט געוואוינט דער גרויסער סקולפּטאָר אַנטאָקאָלסקי, אין שפּיטאַלהויף (איצט גרוזעווסקי) האָט געוואוינט דער מפורסמדיגער חזן דער בעל הבית'ל יואל דוד שטראַשונסקי (1850—1817) אין גלעזער גאַס געפינען זיך די קלויזן פון די קירזנער, דרוקער, און שניידער־פאָדמאַסטער.

ערשט אין יאָר 1861 איז דאָס געטאָ בטל געוואָרן און מ'האָט ערלויבט די יידן צו וואוינען אויף אַלע גאַסן. די עלטסטע קלויז אין ווילנע, די אַלטע קלויז, איז געגרינדעט געוואָרן אין יאָר 1440, דער בית־עולם און חברה־קדישא „נחש"א" אין יאָר רמ"ז 1487 און די גרויסע שול אין יאָר של"ג 1573.

זי הגר"א (הגאון רבינו אליהו), ר' שאולקע קאַצענעלענבויגען'ס (דעם גאון'ס אַ תלמיד), ר' ישראלקע גינצבורג'ס (דעם חיי־אדם'ס אַ תלמיד), ואַנער'ס (ר' בער טריווש, דער מחבר פון ספר „רביד הזהב"), ר' שמחה באָרד'ס*) וכדומה. אַנדערע קלויזען טראָגען די נעמען פון זייערע מנדבים, ווי יסו"ד (יהודה ספרא ודיינא), ר' ליב ־ליזור'ס, ר' זיינוויל פרנס, דאהים, וואלק (אָדער יעקיל הלפן'ס), מושקע־ליב־זאלקינד'ס, שטראַשון, פונדעק, עליאשבערג, זאַקש, גלויבערמאַן, יאַגיכעס, ועטעל (אָדער ר' מיכל קצין'ס), אַפּאַטאָוו, גאָרדאָן, מייטעס, זשירמונסקי, פּטאַשקין, חאָלעם, מייטעס, קירזנער וכדומה; אָדער די נעמען פון די מוסדים און פון די חברות, וועלכע האָבען די קלויזען געגרינדעט, ווי נהמ"א (גמילות חסד של אמת), מנחם־אבלים, משמרת־חולים, ליובאַוויצער שטיבל, קאָידענאָווער שטיבל, מושב־זקנים, הכנסת אורחים, הקדש, קלויז ישיבת ר' מיילא, תלמוד תורה וכדומה. אַנדערע קלויזען ווידער רופען זיך נאָך די נעמען פון די פאָרשטעדטלעך, וואו זיי געפינען זיך, למשל: נאָוואָגאָראָדער שול, אויך נאָוואָגאָראָדער בית־מדרש (פריהער איז דאָרט געווען אַ ישיבה; איצט, אין מלחמה־צייט, איז זי בטל געוואָרען), שניפּישקער בית־מדרש, אויך שול (איהר האָט געבויט דעם גאון'ס זוהן ר' אברהם), לוקישקער בית־מדרש, אַנטאקאליער, רודעלער, קאָמינער, ליפּוּוקער, פּיאַסקער, נאָוואָ־סוויאַטער, גרינער־בריקער, פּאָפּלאַווער **), זאַרעצער (איבערגעבויט אין יאָר תר"ב, דעם אַלטען האט דער וואַסער אַראָבגעשווינקט ***).

## I. די קלויזען אין יודישער גאַס.

מעהר קלויזען ווי אומעטום געפינט זיך אין דער יודישער גאַס, ווייל אַמאָל איז דאָרט געווען די יודישע געטא, ד. ה. יודען האָבען אין אַנדערע שטאָדט־טיילען ניט געטאָרט וואוינען.

גלייך אַריינגעהענדיג פון מאָרגענשטערינס הויף, געפינען מיר די קלויז פון ווילנער שטאָדט־גבאי ר' חיים נחמן פּ ר נ ס (פריהער זיין שווערס ר' ליב ר' בער'ס). דאָרט פלעגען דאַווענען ר' אַבעלי פּאָסוואָלער, דער לעצטער ראב"ד ר' תאַצקעלע לאַנדא (פרנס'ס אַ שוואָגער); אויך ר' חיים וואָלאָזינער און דער „אפיקי יהודה", ווען זיי פלעגען קומען אין ווילנא. דער ווילנער מו"ץ ר' יעקב באַריט האָט דאָרט געזאָגט אַ שיעור „טו"ר" פאַר די ווילנער עלוים, און די ברידער גאונים ר' בצלאל און ר' שלמה'לע זיינען געווען זיינע תלמידים. נאָך באַריט'ס פּטירה האָט געזאָגט דעם שיעור ר' שלמה'לע. נאָר גיט לאַנג האָבען דאָרטען געדאַווענט די מאָקאַרעס, איצטער – די ווייסע בעקער.

נאָך פרנס'ס קלויז געפינט זיך די ס ט אָ ל י אַ ר ס ק ע קלויז, וואו ס'איז פריהער געווען די וואוינונג פון בעוואוסטען ווילנער שטאָדט־מגיד ר' וועלוועלע. מחמת גרויס רעספּעקט צו זיין פערזענליכקייט, האָבען עס די סטאָליאַרעס איבערגעמאַכט אויף

---

*) מען האָט איהם גערופען „באָרד", ווייל ער האָט געהאַט זעהר אַ לאַנגע, שיינע באָרד. דאָרט אין קלויז איז געווען דער צענטער פון די משכילים, ווי האָבען דאָרט געלערנט דקדוק, געלייענט די „מאספים" („עיר ווילנא").

**) אין פּאָפּלאַווער בית־מדרש האָט געלערנט דער גאון ר' שמואל שטראַשון, דער מחבר פון הגהות „הרש"ש". עד היום געפינען זיך אין קלויז גמרות מיט זיינע הגהות. די קלויז איז געגרינדעט איז יאָר תק"ץ, פערגרעסערט אין יאָר תרי"ת און איבערגעבויט אין יאָר תר"ע. אין קלויז איז פון שטענדיג אָן ביז די לעצטע צייטען געווען אַ ישיבה; דער רב קארעליץ האָט געזאָגט דעם שיעור אין די בע"ב פון קלויז האָבען איהר געשטיצט, נור אַז די בע"ב זענען פעראָרימט געוואָרען צוליב דער מלחמה, איז דער שיעור בטל געוואָרען. די קלויז האָט אַ פנקס פון יאָר תרי"ת.— אין קלויז ווערען געהיט 367 ספרי תורות, וואָס מען האָט מציל געווען בעת'ן גרוש פון די שטעדטלעך זשעזשמער, פעטרושין, שירווינט, שאַט, סלאבאדקע, יאַסווין, שעסאָל, געדרעוויץ, יעזויע.

***) דאָרט האָט דער גאון ר' ישראל סאַלאַנטער געזאָגט אַ שיעור פאַר פערציג וואוילע יונגע לייט אין יאָר תר"ח – תר"ו; אין תר"ו האָט בעזוכט זיין ישיבה ר' משה מאָנטעפיאָרע.

אַ קלויז, וועלכע רופט זיך אויף זייער נאָמען. אויך געפינט זיך דאָרט אַ גמילות חסד.

נאָך מאָרגענשטערנס הויף נעהט די ישיבה ר׳ מ י י ל א, מיט אַ קלויז, געגרינ־דעט אין יאר תקצ״א, אין 1909 איז זי פון אַלטקייט אַיינגעפאַלען (איצטער געפינט זיך די ישיבה אויף נאָוואָגראָד אין אַן איינענעם בנין). דאָרט זיינען געווען ראשי ישיבות די גאונים ר׳ מרדכי מעלצער, ר׳ ישראל סאַלאַנטער, ר׳ יעקב פיעסקין און ר׳ שמואל פיעסקין. אין קלויז געפינט זיך אַן אַלטער פנקס פון יאָרצייטען.

נאָך ר׳ מיילא׳ס ישיבה נעהט די קלויז פון די שמשים, אָדער „ד ב ו ר ה־א ס ת ר״. דבורה־אסתר איז געווען אַן אָרימע יודענע אַ צדקניות, וועלכע פלעגט אַרומ־טראָגן קאַשיקעס געבעק. און זי האָט עס איבערגעבויט די קלויז און דאָרט געמאַכט אַ גמ״ח, פון קאָפּיקעס האָט זי אויפגעקליבען אויפ׳ן גמ״ח מעהר ווי דרייסיג טויזענט רובל. די לייערס זיינען אויך אָרימע ווייבער, וואָס האַנדלען אויף יודישע גאַס מיט קאָשיקעס קאַרטאָפעל, באָב, אַרבעס, און איצט — מיט באַבקעלעך, בולבע־טייגעכץ, בולבע־קאַשע, קוקורוזע־קאַשע, פיסקניידלעך א. אַז. וו. די הלואות בעשטעהען פון 3 ביז 25 רו״כ. אין דרום־וואַנט פון קלויז איז דאָ אַ טאַפעל, אויף וועלכען ס׳איז אויס־געשריבען דבורה־אסתרים צדקות.

נאָך דבורה־אסתר׳ס קלויז נעהט די קלויז פון די א י י נ ב י נ ד ע ר, אויך מיט אַן איינענעם גמ״ח (איצט פערמאַכט). דאָרט איז אַמאָל געזעסען דער בית־דין של מעלה (די ווילנער גרעסטע דיינים).

נאָך דער איינבינדערשער קלויז געפינט זיך די קלויז „ח ב ר ה ת ו ר ה״, וואָס איהר האָט אויסגעבויט ר׳ ישעיה׳לע סגי נהור, אַ בלינדער, וועלכער האָט געקענט גאַנץ ש״ס אויסוועניג. ער האָט געהאַט אַזאַ שם, אַז ווען ר׳ משה מאנטעפיארע איז אין יאָר תר״ו געווען אין ווילנא, האָט ער איהם בעזוכט אין שטוב און גענומען ביי איהם אַ ברכה. אין דרום־וואַנט פון קלויז איז איינגעפאַסט אַ טאַפעל, אויף וועלכען ס׳איז אויסגעשריבען זיין גרויסקייט. דאָרט אין קלויז געפינט זיך פון שטענדיג אָן אַ קבוץ פון בחורים וואויל־לערנער. ווינטער תרע״ו זיינען די בחורים אַריבער אין קבוץ „לומדי תורה״, און אויף זייער אָרט לערנען די אַנטרונענע רבנים פון קאָוונער גובערניע.

אין אַנדערען הויף, וואָס הייסט דורכהויף (מען געהט דורך איהם דורך אין יאַטקעווער גאַס, די אַנדערע גאַס פון געטאָ), געפינט זיך די קלויז פון די ג ל ע ז ע ר, מיט אַן איינענעם גמ״ח און אַ קבוץ פון יונגע לייט (איצט איז דער קבוץ בטל און דער גמ״ח פערמאַכט).

נאָך די גלעזער־קלויז, געפינט זיך די קלויז פון די ב ל ע כ ע ר, אויך מיט אַ גמילות חסד (איצט פערמאַכט).

אין ד ו ר כ ה ו י ף געפינען זיך פון שטענדיג אָן די קראָמען פון יודישען היס־טאָרישען האַנדעל מיט אַלטע זאַכען און שמאַטעס. דער דאָזיגער האַנדעל איז איצט, אין מלחמה־צייט, נאָך פערמעהרט און פערגרעסערט געוואָרען פון די נויטבעדערפטיגע, וועלכע פערקויפען די לעצטע קישען, די לעצטע העמד, אַבי זיך ראַטעווען פון דחקות.

אין דריטען הויף געפינט זיך די קלויז פון די ש נ י י ד ע ר־מ י י ס ט ע ר, אַן אַלטע קלויז מיט אַ גמ״ח (איצט פערמאַכט). דאָרט אין קלויז איז אין יאָר תק״ץ געווען די ישיבה ר׳ מיילא. די קלויז האָט אויך געהאַט אַ העננ־לייכטער, אַ גרויסען אנטיק מיט 60 רעהרען, איצט איז ער מסתמא אין מאָסקווע צוזאַמען מיט די הענג־לייכטער און מנורות פון די איבעריגע קלויזען, וועלכע מ׳האָט אין דעם מלחמה־יאָר תרע״ה אָבגעשיקט אַהין.

אַנטקעגען שניידערשער קלויז געפינט זיך די קלויז פון ווילנער מיוחס און אַמאָליגען גרויסען בעל־צדקה ר׳ ל י ב ל י י ז ע ר׳ס. אין קלויז געפינט זיך אַ פנקס פון יאָר תקס״ד, ער האָט אַ היסטאָרישען ווערט.

אין זעלבען הויף געפינט זיך אויך די קלויז פון די שוסטער, מיט א גמ״ח (איצט פערמאכט).

אין ליב לייזער׳ס הויף וואוינען די ארימסטע פון יודישע גאס. אלס טיפיש קאן דינען פאלגענדער בילד: אין א טיפען פינסטערען קעלער שטעהט א גרויסער אויווען, וואס פערנעהמט כמעט דעם גאנצען קעלער, און אין דעם קעלער וואוינען 6 פאמיליעס, איינע אויפ׳ן אויווען, די צווייטע אין קאמיך פון אויווען, די דריטע אויף א פאלאטקע, די פירטע אין א צובראכענער בעט אונטער דער פאלאטקע, די פינפטע אויף א לאנגען טיש, די זעקסטע אונטערן טיש. די איינוואוינער פון קעלער זיינען אלמנות מיט יתומים, וואס שפייזען זיך פון אויווען, ד״ה זיי קאכען אויס בולבע, באב, ארבעס א. אז. וו. און פערקויפען דאס אין יודישע גאס.

נאך ליב לייזערס קלויז געהט נארבארסקער צעך, אן אלטע קלויז. דארט דאווענען איצטער די פעלקרעמער.

אנטקעגען נארבארסקען צעך איז די קלויז פון די פישער, מוכרי דגים, איצט דאווענען דארט די קאטאשען־שטעפער. אין קלויז אויפ׳ן מורה־וואנט הענגט א טאפעל, אין וועלכען עס איז פערשריבען, אז די גאנצע 36 יאהר, וואס ר׳ וועלוועלע איז געוועזען שטאדט־מגיד, האט ער דארט געדאווענט און מיט זיי געלערנט.

אנטקעגען די פישער־קלויז איז קלויז יעב״ץ, וואס ר׳ דוד יעב״ץ האט איהר מנדב געוועזען. דארט דאווענען די בראנזפניקעס.

## II. דער שולהויף און זיינע קלויזען.

אין מיטען יודישע גאס געפינט זיך דער ווילנער שולהויף, וועלכער שם׳ט אויף דער גאנצער וועלט מיט זיינע פיל קלויזען און מיט דער אייגענארטיגקייט פון יעדער קלויז בעזונדער.

די קלויז הגר״א. אריינגעהענדיג אויפ׳ן שולהויף לינקס, געפינען מיר דעם גאון׳ס קלויז, פון וועלכער עס וועהט א אימה און א פחד. און אז מען נעהם דארט ארויף און מען גיט א קוק אויף די גרויז־גרויע אלטע לערנער, דוכט זיך, אז דעם גאון׳ס נשמה שוועבט דארט ארום. מען הייבט אן צו לענען דעם נוסח פון טאפעל, וועלכער איז איינגעפאסט אין וואנט פון זיין היילינגען מקום: „מיר האבען געפונען א צדיק תמים, וועלכער איז געזעסען אויף דעם ארט פערציג יאר און געלערענט. זיין נאמען קלינגט אין דער גאנצער וועלט, זיינע שבחים איז אונמעגליך צו דערצעהלען, נאצ׳ס חכמה האט זיך איהם ענטדעקט און מיט זיינע ספרים אין תורה און חכמה האט ער בעלויכטען די גאנצע וועלט. זיין אנדענקונג וועט בלייבען אומעטום אייביג. זיינע ספרים וועלען אלע לערנען און ס׳וועט זיך מעהרען חכמה און וויסענשאפט. געבארען דעם ערשטען טאג פסח ת״פ, נסתלק געווארען ג׳ תוהמ״ס תקנ״ח״. (דער איבערזעץ איז פערקירצט).

לזכר דעם גאונ׳ס היילינגען נאמען האט מען אין תקס״א פון זיין בנין אויסגעבויט די קלויז (אין תרכ״ט האט מען איהר פערגרעסערט), און מען רופט איהר קלויז הגר״א (אדער דעם חסיד׳ס קלויז*). און אזוי שטיהענדיג פערטראכטערהייט, ווערט מען אבאל פלוצים ערשיטערט פון הארצרייסענדע געשרייען און געוויינען פון א פערצווייפעלטער פרוי, וועלכע פאלט אריין מיט אימפעט אין ארון־קודש בעטען ג׳ אין גאונ׳ס קלויז פאר איהר געפעהרליכען קראנקען מאן אדער קינד. דערהויפט שרעקליך איז געוועזען אין אנהויב מלחמה, ביי יעדער מאביליזאציע און יעדען פריזיוו פלעגט די קלויז ווערען בעזוכט פון א סך פרויען און קינדער, וועלכע פלעגען פריהער געהן אויפ׳ן אלטען בית־עולם צו די קברים פון גאון, פון גאונ׳ס מוטער און פון גר־צדק, דערנאך פלעגען זיי גאנצע

---

*) דארט האט אויך געדאווענט דער ווילנער מו״ץ ר׳ אברהם דאנציג, וואס איז מפורסם מיט זיין ספר „חיי אדם״.

שחנות-ווייז אריינפאלען אין ארון-קודש פון גאון'ס קלויז (אויך פון גרויסע שוהל) מיט אזוינע געוויינען און געשרייען, אז די הארץ פלעגט ממש צוריסען ווערען... דערהויפט זיינען געווען שרעקליך די געוויינען פון די קליינינקע קינדערלעך, וועלכע די מוטערס פלעגען זיי אויך ברענגען וויינען און בעטען ג' פאר זייערע טאטעס, וואס מ'האט צוגענומען אויף דער מלחמה.

שטראשונ'ס ביבליאטעק. אנטקעגען קלויז הגר"א איז די יודישע נייטינדע-ביבליאטעק ביי דער גרויסער שול. דאס איז דער שטאלץ פון ווילנא. דארט קען מען טרעפען גאונים און חכמים, חסידים און מתנגדים זיצענדיג. און לערנענדיג ביי איין טיש, איבער וועלכען עס שוועבט ארום די פאטריארכאלישע געשטאלט פון איהר גרינדער ר' מתתיהו סטראשון. איצט, אין מלחמה-צייט, איז די ביבליאטעק דער איינציגער מקום-מנוחה פאר רבנים, דרשנים, מלומדים, משכילים, שריפטשטעלער און סתם אידעלע לייט, געוועזענע סוחרים, בע"ב א. אז. וו. אנדערע פון זיי קומען לערנען, ארבייטען, און אנדערע קומען זוכען א טרייסט אין די טייערע ספרים, אום אביסעל צו פערגעסען אן זייער אומגליק און נויט, אן זייער דחקות און פיין.

די גרויסע שול. נאך דער ביבליאטעק נעהט די גרויסע שול, געגרינדעט אין של"ג (1573), וועלכע איז פערוועבט מיט טויזענטער לעגענדעס און ספורים. א לעגענדע דערצעהלט, אז ווען נאפאלעאן דער ערשטער האט אין 1812 בעזוכט די גרויסע שול, איז ער געבליבען שטעהן אויפ'ן שוועל, פערוואונדערט פון דער אלטקייט און דער שענער ארכיטעקטור פון די פיר ריזען-זיילען, וועלכע טראגען אויף זייערע קעפ א געוועלב פול מיט קונסט און שענע בעפוצונגען, און פון דער בימה און ארון קודש. דער מורח דערוועקט די זכרונות וועגען די גדולים, וואס ווילנא האט אמאל פערמאגט. עד היום איז נאך פארהאן אין מורח א שטיין אלס א סימן, אז מען זאל זיך דארט ניט זעצען: דאס איז געווען דער מקום פון לעצטען ווילנער רב ר' שמואל. ביים ארון קודש זיינען געשטאנען די ווילנער גאונים ר' מנחם מאנוש חיות, ר' משה דער מחבר פון „חלקת מחוקק", ר' אפרים דער מחבר פון „שער אפרים", דער מהרש"ק דער מחבר פון „ברכת הזבח", ר' הלל דער מחבר פון „בית הלל", ר' משה ריווקעס און דער ש"ך. נעבען דעם זעלבען ארון קודש איז געשטאנען דערנאך דער ווילנער רב ר' משה קרעמער *), דעם ווילנער גאונ'ס א זיידע, אויך זיין אייניקעל דער ווילנער גאון ר' אליהו (איין מאל ווען ער איז אלט געווען 7 יאהר און האט געהאלטען זיין בעוואוסטע דרשה און נאך אמאל, ווען ער איז אלט געווען דריי און זיבציג יאהר **). נעבען זעלבען ארון קודש זיינען אויך געשטאנען די ווילנער גרויסע מגידים: ר' יחזקאל

*) מען האט איהם גערופען משה קרעמער, ווייל זיין ווייב האט געהאלטען א קראם. קיין שבירות האט ער ניט געוואלט נעהמען, האבען איהם די שטאדט-לייט געוואלט מהנה זיין מיט „פדיון". האט ער זיך אבער דערפון דערוואוסט אין האט געמאכט א חשבון, וויפיל ער דארף האבען א וואך „השפקה", און האט אנגעזאגט דער ווייב, אז אויב אפילו זונטאג אין דער פריה וועט זי שוין האבען אזוי פיל „פדיון", זאל זי א גאנצע וואך האלטען די קראם פערמאכט, ווייל אנדערע קרעמער דארפען אויך לעבען („עיר ווילנא").

**) דאן (תקנ"ד) האט יעקאטערינע געשיקט חילות איינשטילען די מרידות אין פוילען און ליטא. זיי האבען בעלאגערט די שטאדט און כ"א תמוז זיינען אויף זארעצע דער'הרג'עט געווארען 30 מאן. ט"ו באב האט מען אנגעהויבען פון שלאסבערג בעשיסען די שטאדט; דעמאלט האבען זיך אלע יודען, — מענער פרויען און קינדער, - פערזאמעלט אין גרויסע שוהל. דער ווילנער גאון איז ארויף, האט געעפענט דעם ארון קודש און מיט גרויס געוויין האט ער און אלע נאך איהם אנגעהויבען זאגען 7 מאל יענך. דאן איז געפאלען א קויל און געבליבען שטעקען אין דאך פון גרויסע שול (עד היום). דער עולם האט זיך שטארק דערשראקען, האט זיי דער גאון בערוהיגט און געזאגט: בטל, בטל! א שר, וועלכער האט ניט געוואלט לאזען חרוב מאכען די שטאדט, האט געעפענט די טויערן פאר'ן רוסישען חיל. לזכר דעם נס זאגט מען נאך עד היום אין גרויסע שוהל ט"ו באב שיר היחוד און מ'גיט פדיון נפש. („עיר ווילנא").

